# אַלע שריפטן

פון

שלוימע דאַווידמאַן



ערשטער באַנד

## העלדן פון אונדזער צייט



דערציילונגען

# ביאגראפישע נאטיצן

געבוירן אין יאר 1900 אין מאלעוו־פאדאלסק. איסראעל, דער פאטער, איז געווען א דייען און א בוכהענדלער. און פון ביידע פארנאסעס איז ניט געווען גענוג צו שפייזן א פאמיליע פון אכט. ביז 13 יאר געלערנט אין פארשידענע כעדארעם. שפעטער געלערנט באם פאטער אביסל געמארע, בא שטאטישע לערער אביסל מאדערנע העברעאיש און רוסיש. אידיש זיך אליין גע־לערנט דורכן לייענען מענדעלי, שאלעם־אלייכעם און אנדערע. דער פאטער, כאטש א דייען, האט געהאט א שטילע ליבע צו לייענען די מייסעס פון שאלעם־אלייכעם, אבער פארלייענען פאר די קינדער פלעגט ער בלויז ווען אימיצער איז געווען קראנק, מע זאל אפאנעם ווערן געזונט לאכנדיק. אין 1914 האט מען בא פערעץ דעם סטאליער געגרינדעט אן ארבעטער ארגאניזאציע „בענעי־ציען“, מע האט מיך אריינגענומען און אויסגעקליבן פאר סעקרעטאר. דאס איז געווען א פאריין פון ארבעטער, וואס האט אנגעפירט די ארבעט אף אידיש, געהאט א אידישע ביבליאטעק, מיט ניט־קלארע ציאניסטישע טענדענצן. אין קעגנערשאפט צו צוויי יוגנטלעכע פאריינען „בענוים־ציען“ און „האטיקווע“, וואס האבן אנגעפירט די ארבעט אין שטאט אף העברעאיש און רוסיש, אויסגעשפראכן ציאניסטיש. אין 1916 אוועק קיין אדעס אר־בעטן אף א דראטן־פאבריק, אויסצומיידן צו גיין אין דער מיל־כאמע. 1917־1918 ארומגעשוואומען אין די רעוואלוציאנערע טעג איבער דער שטאט. א מיטגליד אין די ראדיקאל־סאציאליס־טישע „פואליי־ציען“, עטוואס־מיטגעהאלפן אין פראפאריינען. אין 1919 געדינט פרייוויליק 9 כאדאשעם אין דער רויטער ארמיי. דעם אפטייל, די ערשטע אינטערנאציאנאלע דיוויזיע, איז ספע־ציעל אויסגעקומען צו באקעמפן די פארשידענע באנדעס אף אוק־ראינע, וואס האבן געמאכט פאגראמען אף אידן. ארום ענדע יאר איז געווען א געפאר אריינצופאלן צו פעטליורען. אריבער דעם דניעסטער. געווען אין בעסאראביע 9 כאדאשעם, געארבעט אף פעלדער, אין אמעריקאנער הילף־קאמיטעט. אין 1920 געקומען קיין אמעריקע. געארבעט בא פלייש־פרוכט־גראסערי, געפרעסט העמדער. א מיטגליד אין סטרייק־קאמיטעט פון לאקאל 280 העמדער־פרעסער יוניאן, א.פ.א.ל. אין 1924 אריין אין דער קאמ־פארטיי. אין 1926 פארענדיקט די לערער־קורסן פון ארבעטער רינג, פון דעמאלט אן א לערער אין די אומפארטייאישע קינדער שולן, שולן פון אינטערנאציאנאלן ארבעטער ארדן.

אין 1918 אַרויסגעגעבן אַ ביכעלע 16 זייטן לידער „בענ־קעניש“ אין מאָלעוו, געדרוקט אין יאַמפּאָל־פּאָדאָלסק. אין 1921־1922 געדרוקט דערציילונגען אין „דער אידישער וועלט“, פילאַ־דעלפיע, אַ בריוו אין „די צייט“, ניו־יאָרק. נאָכן דערשיינען פון דער „פרייהייט“, געדרוקט אויסשליסלעך אין דער קאָמפּרעסע. איניציאַטאָר פון „יונגן אַרבעטער שרייבער פאַריין“, וואָס האָט זיך געגרינדעט אין ניו־יאָרק אין 1924. מיטרעדאַקטאָר פון „יונג־קוזניע“, „יונגנט“ און „ספּאַרטאַק“, זשורנאַלן, וואָס זיינען דער־שינען אין ניו־יאָרק אין 1925־1926. אין די צען יאָר פון 1925 ביז ענדע 1935 זיינען דערשינען פאָלגענדע ביכעלעך, ביכלעך און ביכער: 1. ערשטע טריט, בילדער און דערציילונגען, 64 זייטן, פאַרלאַג „יונג־קוזניע“, ניו־יאָרק, 1925. 2. ווען הערצער ברענען, דערציילונגען, 96 זייטן, פאַרלאַג „יונג־קוזניע“, ניו־יאָרק. 3. גע־קניפּטע ריטלעך, דערציילונגען, 128 זייטן (צוזאַמען מיט מאַקס פּערלאָוו, וואָס איז אויך פאַרטראָטן מיט 128 זייטן דערציילונגען) אַרויסגעגעבן פון דאַון־טאַונער אַרבעטער קלוב, ניו־יאָרק, 1928. 4. דער פאַבריק קוימען סטרייק, מייסעלע, 8 זייטן, פאַרלאַג „זייד“, פּעטערסאָן, 1928. 5. דאָס ערשטע נעגערל, מייסעלע, (זעלבער פאַרלאַג). 6. כאַוואַער לענין האָט געזאָגט, מייסעלע, 8 זייטן (זעלבער פאַרלאַג). 7. ביראָ־בידזשאַן, מייסעלע, 8 זייטן, אַרויסגעגעבן פון „איקאָר“, דעטרויט, מיש. 1930. 8. מאָטעלע פון דאָרף איקאָר און כאַוואַער לענין, מייסעלע, 8 זייטן (זעלבער פאַרלאַג). 9. די מילכאָמע אין ניו־יאָרק, דערציילונג, 24 זייטן אַרויסגעגעבן פון דיסטריקט קאָמיטעט פון אינטערנאַציאָנאַלן אַר־בעטער אָרדן, דעטרויט, מיש., 1931. 10 דער פּיאָנער איציק מיטן שפּיצל, מייסעלע, 4 זייטן. 11. איציק דער פּיאָנער, 4 זייטן. 12. איציק שפּיציק, 16 זייטן. 13. אַרבעט, אילוסטרירטער־מימי־אָגראַפירטער אַלעפּבייס. 14. אונדזערע קינדער, קינדער שפּילן. 28 זייטן. 15 אונדזער פאַרשטעלונג, 18 זייטן, קינדער שפּילן. 16. פּיאָנערן, קינדער שפּילן, 16 זייטן. 17. וואָס די גאַס דער־ציילט, מייסעס אין פערזן, 48 זייטן, — אַלע דערמאָנטע ביכלעך פון 10 ביז 17 איינגעשלאָסן, אַרויסגעגעבן אין פילאַדעלפיע דורך די יאָרן 1933־1934־1935 מיט דער הילף פון פריינט, דראַמאַ־טישער סטודיאָ, קינדער שולן פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן. 18. קינדער פון ניו־יאָרק, נאָוועלע, 64 זייטן, פאַרלאַג צע־שינסקי, שיקאַגאָ, דעצעמבער, 1935.

אויסער צו זיין אַ לערער אין די שולן, איז אויסגעקומען אָנ־צופירן קורסן פאַר עלטערן אין אידיש, געשיכטע, אָרגאַניזאַציע, רעדנער, פּאָליטעקאָנאָמיע און אַנדערע און אויפטרעטן דורכן צענדליק יאָר בײַ מאַסן־מיטינגען, דרויסן־פאַרזאַמלונגען, שול־פאַריינען, אָרדן־ברענטשעס, אַרבעטער קלובן, פרויען קאָונסלס, פרייהייט געזאַנג פאַריין, לאַנדסמאַנשאַפטן, אַרבעטער רינג, איקאָר, פּאַרטיי־קאָמערלעך, — און באַדינען מיט פאַרלעזונגען,

פּאָרטראַגן, שמועסן און לעקציעס איבער קולטורעל־עקאָנאָמיש־פּאָליטישע פראַגן אין די פּאָלגענדע שטעט: ניו־יאָרק, פּאַסייק, פּעטערסאָן, דעטרויט, טאָלידאָ, ווינדזאָר, פילאַדעלפיא, וויינ־לענד, ווילמינגטאָן און שיקאַגאָ.

פון די דערמאָנטע שטעט איז אויסגעקומען צו דרוקן פאַר־שידענע באַריכטן, אַרטיקלען, אָפּהאַנדלונגען און קאָרעספּאָנדענצן אין דער „מאָרגן־פרייהייט" און אין פאַרשידענע לאָקאַלע אָרגאַ־ניזאַציע־זשורנאַלן.

אַף די הענט געפינען זיך געדרוקטע, איבערגעאַרבעטע און נאָכניט פאַרעפנטלעכע מאַטעריאַלן באַלעטריסטיק אַף צען בענדער.

איך דריק דאָ אוים אַלע מיינע כאַווירים און פריינט איבערן לאַנד, וואָס האָבן מיר מיטגעהאָלפן אין מיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, אַ האַרציקן כאַווערישן דאַנק. אַ באַזונדערן ברודערלעכן דאַנק קומט דער מיטגלידערשאַפט פון מיין לעניז ברענטש 96 פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן, פאַרן אַרויסגעבן דעם באַנד דערציילונגען „העלדן פון אונדזער צייט".

איך כאָלעם אַרויסצוגעבן אַלע מיינע אַרבעטן אין פאָרמאַט פון דעם בוך. איך וועל מאַכן אַלע נויטיקע פּרואוון אויסצו־בעסערן, איבעראַרבעטן, אַף וויפל עס וועט זיך לאָזן, די געדרוקטע און געשריבענע זאַכן ביז 1936.

פינפטער פעברואַר, ניינצן־זעקס־און־דרייסיק, שיקאַגאָ, איל.

**שלוימע דאַווידמאַן.**

# אינהאַלט:

זייטן

שלוימע דאווידמאַן

# דאָס נײַנטע קאַמקעמערל

.1

שוין פון פאַרנאַכט אָן הויבט זיך סאַראַ אָן גרייטן. יעדן דינסטיק אָוונט איז בײַ איר אַ גרויסער יאָנטעוו; עס צעברענט זיך אין איר אַ הייליקייט, ווי בײַ איר מאַמען ערעוו־שאַבעס, — דאָס קאַמקעמערל נומער נײַן האַלט אָפּ אין איר הויז די וועכנטלעכע מיטינגען.

זי קערט נאָך אַמאָל אויס די הויז. פאַרשפּרייט איר אָרעמקייט מיט אויסגענייטע האַנטעכלעך. זי ווישט אַרום לעניִנס פּאָרטרעט און שטעלט צו טיי.

אין סאַראַן האָט אויפגעלעבט איר יוגנט. דאָס פֿייער פון צוריק מיט פינף און צוואַנציק יאָר האָט זיך צעברענט. כאָטש איר קאָפּ איז שוין אײַנגאַנצן פאַרזילבערט. די אויגן ווילן שוין אויך מער ניט דינען ווי עס דאַרף צו זײַן. הויבט זי עפּעס אָן לייענען דורך די צוויי פּאָר ברילן, פאַרדרייט זיך איר באַלד דער קאָפּ. און עסן קען זי שוין אויך ניט. פון די אייגענע ציין זײַנען געבליבן זייער ווייניק, און פרעמדע זײַנען ניט קיין אייגענע.

אָבער זי פאַרגעסט איר געזונט און לעבן, ווײַל עס ווערט דאָך דאָ, אין אַמעריקע, פּונקט אַזוי ווי אין 1905 אין איר אַלטער היים. דערמאָנט זי זיך, הויבן אָן פינקלען צוויי פייערלעך אין די אויגן: יעדער בלעטעלע איז געווען אַזאַ הייליקע זאַך. איז דאָך געלעגן אַזוי פיל מעסירעס־נעפעש אין יעדער שעליכעס, וואָס מען האָט דורכגעפירט. האָט מען געפילט אַז מע טוט עפּעס.

און איצט טוט זיך דאָ. דאַרף מען העלפן מיט אַלע קויכעס.

דרייט זי זיך אַרום און פוצט און גלעט יעדער שטיקל אָפּגעריבן מעבל. כאַטש זי ווייסט גאַנץ גוט, אַז ניט איר איסאַק און ניט די כאַווײרים, וואָס וועלן באַלד קומען צום מיטינג, קוקן איצט אויף שיינקייט. עס זיינען דאָ איצט וויכטיקערע אַרבעטן. דאָך קען סאַראַ ניט איינזיצן רואיק. עס איז באַ איר היינט יאָנטעוו. פאַרקעמט זי זיך אירע זילבערנע האָר און וואַרט מיט אומגעדולד אָפּן מיטינג.

.2

לעבן פענסטער דערהערט זיך אַ זיד און אַ טראַסק. דאָס האָט איסאַק אַזוי אָפּגעשטעלט זיין טראָקל. זיין מאַשינדל איז זייער אַלט, ווען ער פאָרט אַרום צענויפנעמען די פעקלעך שמוציקע וועש, איז ער איינגעשטעלט מיטן לעבן. זיין וואָגן האַלט אין איין קרעכצן און אויקען. אָט־אָט וועט עס יעדע מינוט צעשאָטן ווערן אין מיטן גאַס. דעריבער, אַז ער קומט יעדן אָוונט אַהיים אַ לעבעדיקער, צעשמייכלט ער זיך, גיט זיך אַ וואַש־אַרום, כאַפּט די צייטונגען און גייט עסן. סאַראַ שטעלט אַלץ אָפּן טיש און הערט זיך איין ווי איסאַק לייענט. ער לייענט זייער שנעל. אָבער זי איז שוין צוגעוואוינט צו זיין לייענען. זי שטעלט אָן די אויערן און כאַפּט אריין די ווערטער. ער איז אַ נערוועזער מענטש. ער רעדט שנעל, עסט שנעל און לעבט שנעל.

ווען ער נעמט דערציילן פון זיינע איבערלעבענישן אין די צאַרישע טורמעס, אין פאַרשיקונג אין די ווילדע טאַיגעס, צינדן זיך אָן פייערלעך אין זיינע אויגן, ער שמייכלט־צו העלדיש, ער אַליין האָט דאָך דאָס איבערגעלעבט. גלעט זיינע ווייסע האָר, וואָס ער דאַרף קיינמאָל ניט פאַרקעמען, ווייל זיי זיינען זייער שיטער און היינגען אַראָפּ איבער די אויערן, ווי באַ אַן אַלטן פויער. די נאָז איז באַ אים אַ לאַנגע און קוקט שטענדיק אַראָפּ ברויגעס, גלייך ווי די גאַנצע וועלט האָט אים אָפּגעטאָן אַ שפּיצל. אינגאַנצן זיין גרויסן איז ער דאַר און הויך און שטענדיק רירעוודיק, און אַ האַרבער מענטש איז ער, אַ קריגער. באַ אים איז — אָדער: ביסטו אַ קאָמוניסט — איז ניט געשלאָפן. אַז ניט — וואָס טומלסטו? — אָך — ברידערלעך — האָט מען אין פינפטן יאָר געגעבן אַן

'ארבעט, אז עס האבן זיך געקערט וועלטן! אין טורמע האט מען אין די ווענטלעך געקלאפט און הונגער־סטרייקס, סיביר, טאיגע— נאר וואס רעדט ער, וועד פארשטייט אים, די יונגע שנעקעס? האבן אים די כאווײרים א נאמען געגעבן „כאווער כריין”: הארב און טרוקן און וויים און הויך.

ווישט ער זיך אויף שנעל אפ די ליפן און פרעגט שוין אף גיך: „וואר־זשע זיינען שוין די כאוויירימלעך? עס ווערט שפעט”.

.3

פרענצים עפנט זייער שטיל די טיר. זי שעמט זיך נאך אריינ־צוקומען אין א וויסנס הויז צו א מיטינג. איר פאנעם איז ביי־נערדיק מיט א פאר גלעזער אף איר קיילעכדיקער נאז, און שטענ־דיק טראגט זי די זעלבע שארפע אפן קאפ, דאס קיישעלע אונטערן ארעם און א זאנטיקל אין די הענט. אין קיישעקל האלט זי שטענדיק א קעסטעלע מיט געזאלצענע פלעצעלעך. איז טרעפט זיך א ביסל ארבעט א טאג, איז גוט, אז ניט — עסט זי זיי אויף אזוי צו ביסעלעך. און דאס שירעמל איז פאר איר א גליק: אין רעגן אין שניי און אין זון קומט עס צונוץ.

פרענצים האט געהאט א מאן א דזשעניטאר, איז ער געווען זייער א פוילער. האט זי אים ארויסגעווארפן און אליין פון דער־מאלט אן אוועק ארבעטן טעג פאר זיך. צוויי קינדער האט זי גע־האט, זיינען זיי אוועקגעשטארבן. אין דער פארטיי איז זי אריין דעם ערשטן מאי, 1929. זי צעשמייכלט זיך, ווען זי דערמאנט זיך, ווי אזוי זי איז אריין אין דעם גרויסן זאל. געקומען איז זי פרעגן, צי ס'איז דא פאר איר עפעס ארבעט.

— א, זייער א סאך ארבעט האבן מיר פאר דיר! — האט א יונגער באכער איר דערקלערט.

צום אנהויב האט פרענצעס נישט אנגעהויבן צו פארשטיין, וואס מען וויל פון איר. אבער פאוואלינקע, פאוואלינקע, איז זי 'אריין אין דער באוועגונג, און איצט דערקענט זי זיך ניט. עמעס, איר שטימע ציטערט נאך איצט, ווען זי טרעט ארוים פאר א גרויסן עולעם; עס טרייסלט זיך אונטער איר נאך דאס לייטערל אפן ראג, ווען זי דערקלערט אירע שווארצע ברידער און שוועסטער,

אַז די איינציקע פּאַרטיי, וואָס איז מיט די פאַרשקלאַפּטע, איז — די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. זי לייענט, זי מוז זייער פיל לייענען, ווייל אַלע טאָג קומען נייע און פרעגן, און פרעגן, און אַזוי פיל איז דאָ צו פאַרענטפערן.

ווייל שווער און גרוי און ענג איז דאָס לעבן פון אירע מענטשן אין הייסטינגס סטריט און אַרומיקע שמאָלע, שמוציקע געסלעך. פרענציסן דוכט זיך, אַז די נעגערס אירע גייען אַרום טעג און נעכט מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און טראָגן אין זיך אַ גרויסן צאָרן. מען האָט זיי אָפּגעטיילט פון די ווייסע. קינדערלעך לויפן אַרום, וואַלגערן זיך אַרום אויף מיסטן העפקערדיקע.

אָט אַהער, צום מיטינג פון קאָמקעמערל, ברייננגט זי דעם נעגערישן טרויער. דעריבער עפנט זי נאָך שטיל די טיר און קומט אַריין נאָך אַ פאַרשעמטע אין הויז פון אַ ווייסן.

4.

איסאַק און סאַראַ ווייסן ניט וואָס צו טאָן מיט פרענציסן. זיי שמייכלען שוין צופיל צו איר. זיי ווילן עפּעס טאָן אַזוינס, אַז זייער שוואַרצע באַוועטע זאָל זיך פילן היימיש. אָבער זיי ווייסן ניט אינגאַנצן ווי אַזוי. איז עפּשער וויל זי טיי, קאַווע, עפּשער וויל זי עפּעס עסן? ניין, פרענציס וויל ניט. זי דאַנקט. זי פאַרשטייט גראַדע. איר דוכט זיך, זי איז ניט זיכער, אַז אידישע באַווײַרים זיינען עפּעס נעענטער צו איר. זיי כאַפּן אַ שמועס דערווייל.

נאָר פון דרויסן הערט זיך שוין דאָס אָנקומען פון בילן און דזשאָנען. שטענדיק קומען זיי צוזאַמען. און שטענדיק ריידן זיי. צוויי זאַכן האָבן זיי פאַראייניקט: זיי רויכערן ביידע ליולקעס און אַרבעטן בא פאָרדן. אין דער פּאַרטיי קריגן זיי זיך שטענדיק. איז איינער פאַר, מוז דער צווייטער זיין קעגן.

ביידע זיינען זיי הויכע. ביל איז אַ דייטש. זיין פעטלעך פּאָנעם מיט דעם קיילעכדיקן נעזל, מיטן שטענדיקן רויך פון דער פייפקע און פאַרצווינגענע אויגן, דערמאָנט אין אַ דייטשישער גלאָז ביר, אַזוי זאָגן די באַווײַרים. זיינע פאַרצווינגענע אויגן האָט ער שוין אָפּגעשפּאַרט דאָ אין דעטרויט, לעבן די גליענדיקע אויוונס פון פאָרדס פאַבריקן.

א גאנצן טאָג שטייט ביל מיט א גיגאנטישן אפצוואנג אזא, וואָס כאַפּט ארויס אַ שטיק פייער פון אויוון און שטעלט עס אריין אין א גרויסן קעסל מיט וואסער, הויבט עס אָן צו זידן, הויבט עס אָן צו קאָכן, א קאָכ אזא פון פייער און וואסער און אייזן.

איז דעריבער אזא היץ־כוואליע שטענדיק אף זיין פּאָנעם; זיינען דעריבער שטענדיק אזוי פארצויגן זיינע אויגן.

פון קאלטן וואסער־קעסל נעמט ער ארויס א מאָטאָר־קער־פּערל, היינגט עס אויף דער שטענדיק־באוועגלעכער קייט, וואָס גייט און גייט: עס רוקן זיך פון אויוון אייזנס, שטאָלענע אייזור־רים, שפּיצן און קווערטלעך. עס גייט און רירט זיך. און אומעטום שטייען ארבעטער און מען שלייפט צו, מען פּאַסט צו, מען היינגט אויף און עס גייט ווייטער. און יעדע מינוט נעמט ביל ארויס א הייסן מאָטאָר־קערפּערל, באָדט עס אָפּ און היינגט עס אויף. אלע מאָל ווישט ער אָפּ זיין שטערן מיט א שמאַטע. אָבער עס רינט און רינט דער שווייס איבערן שטערן, איבער די אויגן. שטענדי־קער פייער איז א פיינט פון אויגן, ווערן זיי איינגעצויגן, באגראָבן טיף אין גריבעלעך און קוקן ארויס מיט אזוי פיל סינע, מיט אזוי פיל צאָרן אף די, וואָס האָבן זיי ארייננעטיפּט.

דערפאר האָט דזשאָן אַ פּאָר גרויסע אויגן. עס קען זיין דערפאר, וואָס ער דאַרף באמערקן יעדער שפּרינקעלע אפן ראָד. יעדע מינוט, ווען עס לאָזט זיך אראָפּ די בויד פון אויוון און די פיר ארבעטער גיבן זיך א וואָרף צו און הויבן אָן איינשרויפן, קומט ער אָן מיט א ראָד, זעצט זיך אוועק אפן וועגעלע און דרייט עס אריין, אריין, פעסטער, פעסטער. נאָר די אויטאָ גייט דאָך, עס רירט זיך, ניטאָ קיין צייט צו ווארטן, גייען אלע מיט, רוקט ער זיך מיט דער אָנגעבוינגענער פּלייצע, די הענט ארייננעטאָן אין די שרויפן, און שרויפט, באַקוקט, פּרואווט. ס'איז שטארק און פעסט און שיין — איז פּארטיק, נאָר די פּלייצע האָט זיך אזוי צו ביסלעך נעבויגן, געבויגן ביז זי איז אזוי פארבליבן.

5.

ווען אלבערט קומט אריין, הויבט מען זיך שוין אָן גרייטן צום מיטינג. ער איז דער אָרגאניזירער פון קעמערל. ער ברייננט

מיט זיך שטענדיק א פעקל אויפרופן, בילעטן, אבאָניר־ביכלעך פאַר דער קאַמפּרעסע און פאַרשידענע פּאַפּירלעך מיט פאַרצייכנטע פאַראָרדנונגען.

אלבערט האָט א גרויסן שטערן און שיטערע שאַטן־האָר אפן קאָפּ. ער גייט אריין זייער באַטראַכט, זאָגט א „גוט־אָוונט" זייער באַטראַכט, און יעדעס וואָרט, וואָס ער לאָזט ארויס פון זיין מויל, גייט זיך ארויס אזוי צעצויגן, גלייך עס האָט דער ווערט ווער ווייסט וויפיל.

דאָס קאָסטיומדל זיינס איז גראַדע זייער אָן אָפּגעריבנס, און ער טראָגט עס שוין יאָרן און יאָרן. סיגאַרעטס נעמט ער שטענדיק בא יענעם און רויכערט גראַדע זייער א סאַך. ער איז אָנגעשטאָפּט מיט ווערטער, זיך אָנגעלייענט מיט לעניניזם און מאַרקסן א וועלט. דערפאַר אַז ער נעמט א וואָרט איז — פאַרלוירן. ער קען זיך שוין אָפּרעדן זיינע אַכציק מינוטן און ער רעדט זייער גרינג. ער גיט אַזוי א קוק דורך די באַווייזרים. איז וואָר־זשע פּעלט נאָך? — הויבט ער אָן אויסּפּאַקן זיינע פּאַפּירן און נעמט דערווייל א סיגאַרעטל בא איסאַקן. ער גיט א הוסט און א קלאַפּ אין טישל. עס ווערט שטיל. ער צייכנט דערווייל אָן די טאָג־אָרדנונג.

עפנט זיך די טיר און הערשל שטעלט זיך אריין. ער קומט שטענדיק פון די לעצטע. ער איז א פּרוכט־צעפּירער, שטייט ער אויף פאַרטאָג, שטעלט־צו די זעקלעך און קוישן פּרוכטן צו די קרעמער, ווערט פאַרטיק ארום דריי־פיר אזייגער, און די איבעריקע צייט — פאַר דער באַוועגונג: צעפירט צייטונגען צו די שטעלן, באַזאָרגט זאַלן פאַר אונטערנעמונגען און איז אין אַלגעמיין א כאַוועד וואָס טוט אַלץ פאַר דער פּאַרטיי.

ווען ער גייט און ווען ער רעדט, שאָקלט ער זיך. ער וויל עפּעס פון זיך זייער פיל ארויסשאָקלען. הייסט ער בא די כאַ־ווייזרים „די ליניע". ער האַלט אין איין ציען די פּאַרטיי־ליניע. באַם עסן, באַם שלאָפן — אומעטום ציט ער זי. דערפאַר זאָגט מען טאַקע, אַז ער האָט זי שוין צופיל צעצויגן.

באַגעגענען זיך הערשל מיט אַלבערטן דורך א שמייכל און מען עפנט דעם מיטינג:

— איז באַווייזרים, מיר וועלן היינט אויפנעמען:

1) באַריכטן.

2) פרעסע.
3) ערשטער מיי.
4) וועלט־סיטואציע.

ווערט נאָך שטילער. דזשאָן און ביל בלאָזן צוזאַמען פון די ליולקעס ווי צוויי קוימענדלעך פון א שיפל. פרענציס שפּאַרט אָן איר זאַנטיקל אָן דער וואַנט און רוקט אַריין א פּלעצעלע אין טויל אַריין, קיינער זאָל ניט זען. און איסאַק גיט אָפּ דעם ערשטן באַריכט.

ער גיט א שאָר די האָר און צעטרייסלט זיך נערוועז, וואַרפט אַרויס די ווערטער אָפּ שנעל, ווי הייסע לאָקשן. די כאַווײרים שמייכלען און קוקן אָפּ אים מיט ליבע אויגן.

„אויסגעטיילט 25 „דיילי וואָרקערס", פאַרשפּרייט אויפרופן פון דער אויטאָ־יוניאָן, נאָר דעם אַלטן וואַשער, אַזאַ אַלט שטיק, קען איך נאָך אַלץ ניט אַריינשלעפּן אין דער יוניאָן. וויפיל איך טיינע מיט אים: זע ווי אונדזערע באַלעבאַטים זיינען רייך גע־וואָרן און דו און איך — צוויי אַלטע שמאַטעס געוואָרן, אַט מאָרגן וועט מען אונדז אָפּ צוויי שפּענדלעך אַרויסוואַרפן, און ער זיינס: „גאָט און דאָס מאַזל".

מען לאַכט. איסאַק אַליין שמייכלט אויך, שפּייט אויס, כאַפּט א קוק אָפּ סאַראַן, צי זי האָט ניט באַמערקט, ווי ער האָט אויסגעשפּיגן, כאַפּט אַריין א סיגאַרעטל און בלאָזט.

פרענציס דערציילט פון איר אַרבעט צווישן די נעגערס. זי כאַפּט ניט אַזוי שנעל. נאָר באַ איר קומט עס אַרויס מיט א קווימשיקל. און וועלן וואָלט זי געוואָלט דערציילן א וועלט פון אירע ברידערס לעבן. זיי ווילן אַלע זיין פריי. זיי ווילן אַלע לעבן. נאָר זיי פאַרשטייען נאָך ניט. א טייל האָבן מוירע. אָבער זיי קומען, זיי קומען.

דזשאָן און ביל רעדן מיט בייזקייט וועגן פאָרדן. אָנגעשטעלט דאָרטן הינט אָפּ יעדן שריט און טריט. מען דאַרף דאָרטן פאַר־זיכטיק אַרבעטן.

און יעדער כאַווער האָט עפּעס געטאָן, און יעדער וועט טאָן. פאַראַן דאָך אַזוי פיל אַרבעט. מען דאַרף דאָך אָרגאַניזירן דעם אַרבעטער־קלאַס און דורכפירן א רעוואָלוציע.

נעמט יעדער א פּעקל צייטונגען, אויפרופן. פאַרטאָג וועט

מען זיך אויפכאַפּן, מען וועט זיך אַוועקשטעלן לעבן די טויערן פון די אויטאָ־פאַבריקן און מע וועט טיילן. געבן יעדן מיט אַ ליבע־שמייכעלע: „נעם, כאַווערל, לייען דאָס איבער גוט און באַטראַכט זיך, און קום אונדז שנעלער העלפן".

און אָט קומט די פראַגע „ערשטער מיי". און כאָטש אַלע ווייסן שוין זייער גוט די באַדייטונג פון פראָלעטאַרישן יאָנטעוו, פונדעסטוועגן וויל אַלבערט בלויז זאָגן אַ פּאָר ווערטער. נישקאָשע, עס וועט צונויץ קומען. אַ מאָל באַגעגנט מען אַן אַרבעטער און מען דאַרף אים דערקלערן. איז אָט נאָך אַביסעלע פאַקטן וועגן ערשטן מיי.

„איז קיינער וועט דעם טאָג ניט אַרבעטן, מען מוז קומען צו דער דעמאָנסטראַציע".

וולאַדיסלאַוו האָט זיך אַריינגעכאַפּט שוין שפּעטלעך, אין־מיטן די באַריכטן. ער איז אַ פאַרבער, שוין זעקס און אַ האַלב כאַדאָשים ניט געשמירט, איז איצטער האָט זיך אַרבעט געטראָפן. איז ווי — ער האָט מוירע, ער זאָל דעם דזשאַב ניט פאַרלירן. ער איז אַ הויכער און אַ דאַרער מיט בלאָנדע האָר, און ער פאַר־שעמט זיך, וואָס ער בעט אַזאַ זאַך. ער ווייסט, אַז מען טאָר גאָר־ניט ריידן פון אַרבעטן דעם ערשטן מיי, נאָר ווי אַזוי זאָל דאָס זיין? ניטאָ שוין וואו צו באָרגן. בויגט ער איין זיין גאַנצע לענג, גלעט זיינע בלאָנדע האָר און עס טוט אים שוין אַליין באַנג, וואָס ער האָט גערעדט. גיט יעדער אָף אים אַ קוקעלע אַזאַ, אַז מען קען אַוועקפאַלן. נאָר אַלבערט צעשמייכלט זיך און גיט אַ פרעג:

— וויפיל אַרבעטער זיינען פאַראַן אין דיין שאָפּ?

— דריי, — ענטפערט וולאַדיסלאַוו.

— און באַ דיר, כאַווער דזשאַן? — פרעגט כאַווער אַלבערט.

— פופצן הונדערט — פאַרשטייט ניט דזשאַן די פראַגע.

— אויב אַזוי, — דערקלערט כאַווער אַלבערט, — וועט דזשאַן אַרבעטן און וולאַדיסלאַוו ניט.

ווערט עס אַ שטיקל טומל. פון אַלע זייטן הויבן זיך הענט. עס רייסן זיך קולעס:

— איך בעט אַ וואָרט.

און עס גייט אַוועק אַ דיסקוסיע, און מען שלייפט די צינגלעך

און מען שארפט די מויכעס: קיינער טאָר ניט ארבעטן — וולאַ־דיסלאוו מעג יאָ — מעג ניט — אין אן אנדער צייט, עפשער — אָבער איצט — ניין. און דזשאן — אויך ניט — און פארוואָס זאָל ער?

צעשמייכלט זיך דער כאווער אַלבערט און נעמט דאָס לעצטע וואָרט:

— פארשטייט, כאוויירימלעך, מיר דארפן אָרגאניזירן דעם ארבעטער־קלאַס. וולאדיסלאוו האָט ניט וועמען און דזשאן — יאָ. איז א שאָד, אויב מען וועט אים ארויסוואַרפן. די פּארטיי פּאָדערט ער זאָל ארבעטן. איר פארשטייט?

און אַלע האָבן טאַקע פארשטאַנען. נאָר ביל גיט א בלאָז ארויס א וואָלקן רויך. ער פארשטייט ניט, פארוואָס דזשאָן. אויב פּארטיי־ארבעט, דארף מען דאָך א באַוואוסטזיניקן מענטשן, ווי זשע קומט עס צו דזשאָנען? און וואו איז ער?

ווערט דזשאָן אָן אָנגעצונדענער:

— ער האָט מוירע פארן דזשאב. ער וויל ארבעטן דעם ערשטן מיי, זאָל ער ארבעטן.

ווערט א קריגעריי, זאָל ער, זאָל ער! עס דוכט זיך, אז די צוויי כאַוויירים וועלן זיך באַלד צעשלאָגן.

פליען פאַרשלאָגן פון אַלע זייטן: ביידע ארבעטן. ביידע ניט ארבעטן. דזשאָן — ביל, ביל — דזשאָן.

נעמט דער כאַווער אַלבערט צו אַלע פּאַרשלאָגן. ער זאָגט זיך א שמייכלענדיקן „אָלרייט" און דערקלערט:

— עס איז קלאָר פאר אונדז, אז איינער דארף זיין בא דער דעמאָנסטראַציע און איינער מוז בלייבן אין פאבריק. וועט איינער דערציילן וואָס עס איז פאָרגעקומען בא דער דעמאָנסטראַציע צו די ארבעטער אין שאַפּ, און דער צווייטער וועט רעדן מיט די אר־בעטער אינעווייניק. וועלן ביידע ארויס, וועט מען זיי ארויס־שליידערן מיטאַמאָל מיט איין קנאַק. און אַזוי ווי דזשאָן איז א קוואַליפיצירטער ארבעטער, דארף ער בלייבן. ארויסשלעפּן הייסע מאַטאַרלעך פון אויוון קען יעדער איינער.

איז טאַקע קלאָר געוואָרן פאר יעדן איינעם. מען האָט אראָפּ־געלאָזט די נעז און איינשטימיק געהויבן די הענט.

.6

און אז כאווער אלבערט האט זיך צערעדט וועגן דער וועלט־סיטואציע, איז גרינגער געוואָרן אפן הארצן. די אויגן האָבן אָנגעהויבן צו פינקלען בא יעדן. יעדער האט דערזען פאר זיך א באפרייטע וועלט. עמעס, קיינער דערוואַרט ניט צו בלייבן א גאנצער. בלוט וועט זיך גיסן. מען וועט לייגן קעפּ. און די קעפּ פון נייַנטן קאָמקעמערל וועלן זיין פון די ערשטע. אָבער דערנאָך...

אין דייטשלאַנד שטייט די רעוואָלוציע אַף דער שוועל. בינע וועדט סאָוועטיש. אינדיע, עגיפּטן און איבער דער גאנצער וועלט וואכט אויף דער ריז. און אין אונדזער לאַנד: 6־טער מערץ, 1־טער מיי, 1־טער אויגוסט, 8 מיליאָן ארבעטסלאָזע, סטרייקס, שלאַכטן אַף די גאַסן — עס הויבט זיך אָן.

קלאַפּן הערצער שטארקער, לויכטן אויגן אויף — עס קומט דער טאָג. פאַלן פראַגן, פראַגן, און דער כאווער אלבערט פאַרענטפערט אזוי פּאַשעט, אזוי פּראָסט, אז א קינד קען פארשטיין.

דער מיטינג איז שוין פאַרענדיקט. מען קען זיך נאָך ניט צעגיין. סאַרא און איסאַק דערלאַנגען טיי און פּלעצלעך, אָפּגעשפּאַרט פון אייגענער וועטשערע. מיט כאוויירים איז גוט צו טרינקען טיי.

ס'איז יאַנטעוו היינט בא סאַראַן אין הויז, דאָס נייַנטע קאָמקעמערל האָט אָפּגעהאַלטן א מיטינג.

# א נייע סימכע

.1

שוין א וואָך צייט, ווי פרידע גייט ארום א שיינענדיקע. איר פּאָנעם איז פריש און לעבעדיק, די אויגן גלאַנצן. א שמייכל רוט אַף אירע ליפּן.

איר מאַקס איז געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש.

זי דערקענט ניט איר מאַן. נאָך איר איין מאָל שיקער גיט געווען. זידלט זיך ניט. די קינדער שלאָגט ער שוין ניט. ער שפּילט שוין ניט אין קאָרטן.

פרידע וויל וויסן דעם סאָד, דעם קישעף. ווער האָט עס איי־בערגעמאַכט איר מאַקסן? אזא ענדערונג, גלייך ווי מ׳זאָל ארויסשלעפּן זיין צונג און אים אריינשטעקן א נייעם, וואָס רעדט אזוי געלאַסן. א נייע נעשאָמע איז אין אים אריין.

איינמאָל, ווען פרידע האָט דערלאַנגט עסן, האָט מאַקס גע־ווארט אזוי רואיק, דערווייל א קוק געטאָן אין דער צייטונג, האָט זי שוין געעפנט דאָס מויל און געוואָלט פרעגן: „מאַקס, וואָס איז עפּעס מיט דיר געוואָרן? — עפּשער פילסטו ניט גוט?“ זי האָט אָבער נאָר געעפנט דאָס מויל, די ווערטער האָט זי מוירע געהאַט ארויסצוברייינגען. ווייל זי קען גוט מאַקסן. ווען מאַקס ווערט אין קאַעס, דערלאַנגט ער א זעץ אין טיש מיט זיין אייזער־נעם פויסט, טאַנצן אונטער אַלע טעלער און טעלערלעך, גאָפּל און מעסער צעקלינגען זיך, און זי זעט אים שוין ניט ביז שפּעט באַנאַכט.

אין אַזעלכע טעג, ווען פרידע פלעגט בלייבן אונטער דער פאַרפּראַלטער טיר, וואָס מאַקס האָט מיט בייזקייט אוועקגעוואָרפן פון זיך, פלעגט זי וויינען א סאַך, נאָס מאַכן די קישן, פאַרשילטן איר לעבן. די קינדער זיינען ארומגעגאַנגען צעטומלטע. די מאַמע פלעגט ניט וועלן זאָגן פאַרוואָס זי וויינט. קינדער האָבן אָפּגעגעסן, אוועק אין טאַלמיד־טוירע, געקומען אהיים און זיך געלייגט שלאָפן. אָבער קינדער וויסן שוין: „דער טאַטע איז היינט בייז!“, דאַרפן זיי זיך היטן פאַר פּעטש.

די מאַמע פּלעגט צענויפקלייבן די צעבראָכענע טעלערלעך, אָפּווישן די לעפל, אויסקערן דאָס הויז און זיך אוועקלייגן אין בעט. שלאָפן האָט זי ניט געקענט. פּלעגט ליגן און טראַכטן און מעקאַנע זיין די שכיינעס:

אָט, מיסעס גרינבערג, האָט אַזאַ טייערן מאַן, אַ שטילן. שוין אַ ביסעלע צו־שוואַך, הוסט אונטער. אַ קליינער פאַרדינער. אָבער מ׳לעבט בעשאָלעם.

מיסעס פּעסקין, אַ ביזנעס־ליידי, העלפט אַרויס דעם מאַן. זי איז גאָר די שרייערקע. ער איז זייער אַ פיינער. דאָס, דיינקט פרידע, איז שוין ניט גוט. זי וואָלט ניט געשריען אויף קיין מאַן . . .

און ווי אַלע כאַווערטעס האָבן דאָס איר מעקאַנע געווען. מאַקס איז אַ הויכער, געזונטער באָכער. שוואַרצע האָר און אויגן. רויטע באַקן, ווי באַ אַ מיידל.

פרידע איז אָבער אויך געווען אַ געזונטע מויד. אַ בלאָנדע, מיט בלויע אויגן: „אַ שטילע טויב“ — האָט מען זי צווישן מישפּאָכע גערופן.

ווער־זשע זאָל זיך דאָס ריכטן, אַז יענער מאַקס וועט ווערן אַ קאָרטן־שפּילער, אַ שיקער, אונטערקלאַפּן אַמאָל פרידען די זייטן?

פרידע שווייגט. שעמט זיך פאַר לייטן, פאַר אייגענע.

געלט קאָרגט ער ניט. ער פאַרדינט אַ סאַך. איינער פון די בעסטע פּרעסערס איז מאַקס. אין דער יוניאָן רופט מען אים „ד ע ר ש י ס ע ר“. ער שיסט די העמדלעך. אַנדערע העמדער־פּרעסער קוועטשן אויס זעקס, אַכט אַ שטונדע. ער — צוויי מאָל — אַזויפיל.

וואָס איז דער כידעש, אַז אַ מענטש פאַרמאָגט צוויי איי־זערנע הענט. ווען ער פירט דאָס הייסע פּרעס־אייזן, ציטערט דער טיש, די גאַנצע לאָונדרי. שפּאַנט ער — טרייסלט זיך אַלעס אונטער זיינע פיס. מ׳היט זיך פאַר זיין פויסט.

מ׳זאָגט, (מ׳האָט מוירע צו דערציילן, אַז מ׳האָט אַליין געזען), אַז דעם לאַנגן הערין האָט ער אַ וועקגעשיקט. מ׳איז געשטאַנען באַם יוניאָן - זאַל, האָט מען זיך צעווערטלט. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, האָט אים מאַקס דערלאַנגט מיטן פויסט פון זיך — איז הערי שוין מער צו־זיך ניט געקומען, נאָר מ׳האָט אים שוין אָפּגעפירט קיין ברוקלין, אויפן בייסוילעם . . .

אין טעג פון בייזקייט, ווען פרידע פלעגט ליגן אין בעט און טראכטן און מעקאנע זיין די שכיינעס, פלעגט זי זיך ענדלעך דער־ווארטן. מאקס פלעגט זיך אריינקאטשען און אריינוואליען גלייך אין בעט אריין. עפעס געוואָרטשעט אף דער וועלט. דער רייעך פון בראנפן האָט פרידען נאָך מערער צעמישט. פלעגט זי זיך נאָך טיפער איינגראָבן אין קישן און כליפען.

.2

אינדערפרי. די קינדער זיינען אוועק אין פּאָבליק־סקול. מאקס עסט פרישטיק. פרידע דערלאַנגט די קאווע מיט אזא ליבע, גלייך ווי ס'איז אַ טאָג נאָך דער כאסענע.

— און דו, פרידע, ווי אַ בעהיימע, זאָלסט עס פרעגן: „מאקס, וואָס איז מיט דיר געוואָרן?"

— איך האָב זיך שוין געקליבן דיך צו פרעגן, נאָר — — — — האָט פרידע אראָפּגעלאָזט די אויגן.

— נאָר דו האָסט מוירע געהאַט.

פרידע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ: יאָ!

— עפשער ווילסטו מיר דערציילן, מאקס, וואָס דו ביסט צוריק געוואָרן אזא גוטער? — האָט זי זיך געבעטן.

— אַלעס נעמט זיך פון דער יוניע. אַלע יאָרן זיינען פאראן באַ אונדז פארשיידענע קליקעס. יעדע פון זיי שרייט, אַז זי איז די בעסטע. היינט זיינען דאָ ל י נ ק ע. מ'רופט זיי ק אָ מ ו־נ י ס ט ן. זאָגט מען, אַז זיי זיינען שטערער און ברעכער. איך האָב אויך אזוי געמיינט. און איינעם האָב איך טאקע באַם לעצטן סטרייק אביסל דורכגעפאטשט. מ'האָט געזאָגט: „מאקס, דער־לאַנג!" איך האָב ניט פארשטאנען, האָב איך דערלאַנגט.

לעצטן מאָנטיק איז געווען באַ אונדז אַ מישפּעט איבער זיבעצן מיטגלידער פון דער יוניאָן, אַלע לינקע. אַ מישפּעט, ווי אין די עמעסע קאָורטס, מיט צוועלף געשוואוירענע ריכטער, מיט אַ דזשאַדזש, מיט אָנקלאָגער און פארטיידיקער און איידעס.

דער סעקרעטאר פון די לינקע האָט פארלוירן דעם פּראָטאָ־קאָל־בוך. איינער האָט אים געפונען און אָנגעקלאָגט, אַז די לינקע האָבן באזונדערע מיטינגען, וואו זיי באטראכטן פּלענער, ווי אזוי

איבערצונעמען די יוניאָן אויף זייער זייט.

דער יוניאָן־זאַל איז געווען געפּאַקט. אַזאַ באַזוכטער מיטינג איז קיינמאָל ניט געווען. אַלע זיינען יאָנטעוודיק. די לינקע, די אָנגעקלאָגטע, מיט שטראַלענדיקע אויגן. זיי זיינען עפּעס צופרידן. זיי זיינען עפּעס זיכער אין זייער עמעס. מ׳בלאָזט רויך. ווער פון ליולקעס, סיגאַרן, סיגאַרעטלעך. דער רויך שפּאַצירט זיך עפּעס איבערן זאַל, אויף דער סטעליע, אויך יאָנטעוודיק, גלייך ער זאָל דאָס פילן.

אַפילע די בילדער אויף דער וואַנט שמייכלען. נאָר דאָס בילד פון קאַרל מאַרקס (איצט ווייס איך שוין ווער ער איז) איז עפּעס ערנסט. אים פאַרדריסט, וואָס אַרבעטער פאַרשטייען נאָך ניט זייערע אינטערעסן.

דער אוילעם וויצלט זיך. טאַקע אַ געריכט־הויז געוואָרן פון יוניאָן־זאַל — אָבער דאָך צווישן אייגענע. מ׳מעג לאַכן. מ׳מעג זיך דורכוווערטלען.

אַ פּאָר פון די געשוואוירענע ריכטער זיצן טאַקע שטאָלץ און ערנסט. זיי מיינען, אַז זיי זיינען טאַקע — — — —

דער ריכטער דערלאַנגט אַ קלאַפּ. אַלע זעצן זיך אוועק. עס ווערט שטיל. אַלע מיינען עס טאַקע ערנסט. און האָט הויבט זיך אויף וועלוול פּאַרכוטש. ער קלאָגט עס אָן. ער זאָגט, אַז די זיבעצן האָבן געפירט אַ יוניאָן אין אַ יוניאָן. זיי האָבן באַטראַכט ערגעץ פּלענער אין געהיים. זיי קריגן אָרדערס פון מאָסקווע. און ער האָט געלייענט ניינצן פּראָטאָקאָלן פון דער „טרייד־יוניאָן עדיוקיישאָנל ליג", אַזוי רופן זיך די לינקע באַ אונדז.

נאָר אַ מאָדנע זאַך: וואָס ער האָט געלייענט אין די פּראָטאָקאָלן, איז אַלץ געווען צו פאַרבעסערן אונדזער יוניאָן: ווי אַזוי אויפצוקלערן די אַרבעטער, קריגן העכערע סכירעס, אַרבעטן קירצערע שטונדן; מ׳זאָל ניט גאַנווענען פון קאַסע. אָט אַזעלכע זאַכן. דער אוילעם האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס:

— איז דאָך גוט!

זאָגט וועלוועלע, אַז אַזעלכע פראַגן דאַרפן מיר באַטראַכטן אויף אַ מיטינג פון אַלע יוניאָן־מעמבערס. דערפאַר, וואָס זיי מאַכן זיך באַזונדערע מיטינגען, זאָל מען זיי אויסשליסן אויף זעקס מאָ־

נאַטן, מיטן טניי, אַז זיי זאָלן מער ניט האָבן קיין באַזונדערע מיטינגען.

מ'רופט אַרויס איידעס, וועלוול, דער אָנקלאָגער, פרעגט זיי:

„האָט מען מיט דיר גערעדט, אַז דו זאָלסט ווערן אַ לינקער?"

„יאָ!"

„האָבן זיי דערביי ניט געזידלט אונדזערע באַאַמטע?"

אַזוי זאָגט איידעס נאָך איידעס. מיך האָט עפּעס פאַרדראָסן די מייסע. אַלע — ווי ליאַלקעס. זאָגן נאָך באָם. און אַנדערע, וועלוול'ס כעוורע, מעגן טאָן אַלץ?

איך בין אויך אַרויף אַפן איידעס־שטול און זיך צערעדט:

„זיי האָבן מיך אויך געוואָלט מאַכן פאַר אַ לינקן, אָבער קיין שנאַפּס און קיין געלט האָבן זיי ניט צוגעזאָגט. און שלאָגן האָבן זיי קיינעם ניט געהייסן. מע דאַרף ניט שלאָגן, מע דאַרף דערקלערן. אָבער באַם לעצטן סטרייק האָט דאָך וועלוול פאַרכוטש מיר געקויפט שנאַפּס און באַצאָלט פאַר מיר דיוס, איך זאָל פאַר אים שטימען אַלס אָרגאַניזער, — דאָס מעג מען יאָ, און אויסטראַכטן גוטע פּלענער טאָר מען ניט?"

ווען איך האָב געענדיקט, זיינען אַלע געבליבן זיצן, ווי גוילעמס. עס האָט זיך זיי גאָרניט געכאָלעמט, אַז איך זאָל אַזוי ריידן. און איך אַליין האָב עפּעס אויך ניט פאַרשטאַנען צוליב וואָס איך האָב עס דערציילט. נאָר ס'האָט מיך פאַרדראָסן — איך האָב עפּעס געפילט, ווי צו זאָגן דעם עמעס. פאַר וועמען האָב איך מוירע?

דערפאַר האָסטו געמעגט הערן אַ רעדע פון ריווקינען. איך האָב שוין געהערט, ווי ער רעדט באַ אַ יוניאָן־מיטינג, נאָר דעם מאָנטיק האָט ער געשאָסן פייער.

די געשוואוירענע זיינען אַוועק אין צווייטן צימער זיך באַראַטן.

אין זאַל האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל. מען האָט מיך באַשאָטן פון אַלע זייטן מיט פראַגן, ווי מיט פיילן. גיי ענטפער זיי, אַז איך ווייס ניט וואָס. פון וואַנען זאָל איך וויסן, פון די קאָרטן? נאָר לעבן מיר איז באַלד אויסגעוואָקסן האַלפּ דער בלאָנדער, און געענטפערט אָף אַ פראַגע מיט צוויי ענטפערס. געגאַנגען איז דאָס באַ אים גלאַט. אַ באָכער מיט אַ שאַרף צינגל.

אַלץ ליגט באַ אים אין קעשענע. דו פרעגסט אַ פראגע — נאַ דיר אַן ענטפער. און איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

זיי האָבן מיך אזוי צעטומלט, איך האָב אזוי פיל געשאָקלט מיטן קאָפּ, אז כ'האָב אזש געקראָגן אַ קאָפּ־ווייטיק.

די דזשורי־לייט זיינען אריין און דערקלערט: „ניט שולדיק!"

פון מאַנטיק אָן גיי איך צו מיטינגען, אונטערנעמונגען. איך פארשטיי ניט אַלץ, אָבער איך פיל, אז דאָס זיינען עמעסע בעוורע. ס'איז גוט און פריילעך.

היינט גייען מיר צו אַ קאָנצערט. זאָלסט זיין גרייט מיט די קינדער.

.3

מאַקס איז אוועק צו דער ארבעט מיט אַ שמייכל. פרידע איז געבליבן זיצן מיטן האַנטעך אין איין האַנט, און מיט דער צווייטער — אונטערגעהאַלטן דעם קאָפּ. דאָרטן ערגעץ, אינמיטן איר מויעך, איז אַ גאַנצע כאַסענע. געדאַנקען, נייע ווערטער פון מאַקס' מויל, זיין שמייכל — כאַפּן אַ טענצל. זי זאָל אזוי וויסן פון בייז, ווי זי ווייסט, וואָס מאַקס האָט אויסגעקלאַפּט. איין זאַך פילט זי, ס'איז גוט, ס'איז בעסער.

פרידע לייגט אַפילע איבער אַ געדאַנק אהער און אַ געדאַנק אהין: וואָלט ער געווען אַ שוואַכס, אַ נעבעכל, אזוי ווי מיסעס גרינבערגס מענדל, וואָלט זי געטראַכט פאַשעט, אז ער איז געווירט אָדער ער איז אַראָפּ פון זינען. ווייל היצן שטייען היינט שטאַרקע, און וואָס דאָס לעבן קען ברייינגען אין ניו יאָרק. אָבער מאַקס איז דאָך אַ ריז. איז וועגן דעם נישטאָ וואָס צו ריידן.

היינט וואָס־זשע זיצט זי, ווי אַ גוילעם מיטן האַנטעך אין האַנט? מאַקס האָט געזאָגט זי זאָל זיין גרייט. מיר גייען צו אַ קאָנצערט. דאָרטן איז די עמעסע בעוורע. און די קינדער קומען באַלד עסן — — — —

פרידע האָט זיך געגעבן אַ צ ע ש אַ ק ל. טעפּלעך האָבן זיך אָנגעהויבן קאָכן. צוויי הענט האָבן שפּאַצירט מיט שמאַטקעס, אַ בעזים, און אַלע מיסטן זיינען ערגעץ אַנטלאָפן. שטוי־

בעלעך האָבן אָפּגעריייניקט וועגן. די שטוב האָט באַקומען אַ נייע גלאַנצנדיקע הויט.

נעטעלע און סעמעלע זיינען אריינגעפאַלן, ווי צוויי וועלפעלעך, אַוועקגעשליידערט די ביכער־טאַשן און אויסגעקוויטשעט: „מאַמע, עסן!״ די מאַמע האָט זיי אַרומגענומען מיט אַ שמייכל, זיי אַוועקגעזעצט. די קינדער האָבן געבעלעבעטשעט אויף ענגליש, אריינגעמישט צעהאַרגעטע אידישע ווערטער, די מאַמע זאָל פאַרשטיין, וואָס זיי דערציילן.

און די מאַמע דערלאַנגט עסן. אַלץ וואַקסט פון אונטער די הענט מיט אַ שנעלקייט, ווי פון אַ קונצן־מאַכער. און זי באַשמייכלט זיי: „עסט און זאָל אייך וואויל באַקומען, אייער טאַטע איז צוריק געוואָרן אַ גוטער.״

ווען די קינדער האָבן שוין אַוועקגעוואָרפן שטיקלעך ברויט מיט פוטער, אַ סימען פון זאַטקייט, האָט די מאַמע זיך אַוועקגעשטעלט און אויסגערופן מיט פרייד:

— אַ סורפּרייז, קינדער!

— וואָס?

— טרעפט!

— מואוויס, קענדי?

— ניין, קינדערלעך, מיר גייען אָפּדערנאַכט צו אַ קאָנצערט מיט פּאַפּען.

— דאָס איז גוט, — האָבן זיך קינדער איבערגעקוקט. — זיי געדיינקען שוין לאַנג ניט, ווען דער פּאַפּע זאָל האָבן מיט זיי ערגעץ געגאַנגען.

— ווייסט, מאַמע, דער פּאַפּע שרייט שוין ניט אַזוי, ער איז געוואָרן אַ גוטער, — האָט נעטעלע געזאָגט.

— יאָ, קינדערלעך מיינע, פּאַפּע איז צוריק געוואָרן אַ גוטער, — האָבן זיך באַ פרידען געשטעלט טרערן אין די אויגן.

## 4.

מאַקס און פרידע און זייערע צוויי קינדער זיינען געזעסן אין דער ערשטער רייע. די אויגן זיינען געווען באַ זיי צעפּראַלט און די אויערן אויפגעשפּיצט. פון אַלע זייטן האָט געזשומעט

מיט אזא פרייד. א ליכטיקייט — ווי אין פּאַלאַצן. א זאַל — א וואַלד. און מענטשן — אָן א שיר. און פרידע פרעגט: „וואָס איז דאָ, ווער זיינען די אַלע מענטשן?" און קינדער פרעגן: „פּאַפּע, ווער זיינען י ע נ ע א פריילעכע קינדער און ווער איז לענין, וואָס זיין בילד הייננט אָ ט ד אָ ר ט ן?"

און מאַקס שטראַלט פון פרייד. ער ווייסט ניט ווי אזוי דאָס צו דערקלערן: „אָט דער כאַוואַר לענין איז געווען א גרויסער פירער און מיר אַלע זיינען זיינע כאַווײרים. און די קינדער זיינען לענינס קינדער, פּיאָנערן. קומען מיר זיך צונויף אַלע יאָר, אין טאָג פון זיין טויט, דערמאָנען זיין נאָמען און זאָגן צו צו גיין אין זיינע וועגן.

און סערפּ־און־האַמער, דאָס איז אונדזער קרוין, די קרוין פון אַרבעט. און אַלע זיינען מיר איינס. און יעדער איז גרייט זיין לעבן אָפּצוגעבן פאַרן קאַמף."

און רעדנער קלינגען מיט זייערע שטימען.

— הערסט, פרידע. כאַווײרים, אַלע זיינען מיר דאָ כאַווײרים.

און פרידע הערט. און פרידע איז פריילעך. מער וועט מאַקס שוין ניט שיקערן, ניט שפּילן אין קאָרטן, ניט שלאָגן. ווייל מען טאָר ניט. ווייל אַלע זיינען גלייך.

און קינדער פּליעסקען מיט די הענט. מיידלעך אין רויטע קליידלעך טאַנצן. א כאָר הילכט נייע געזאַנגען. אן אָרקעסטער שפּילט. און ס'איז אזוי פריילעך.

— ס'איז גוט, פּאַפּע, — שטראַלן קינדערשע אייגעלעך.

— און איר, קינדער, וועט שוין ניט גיין אין טאַלמיד־טוירע. איך וועל אייך שיקן אין א אידישער אַרבעטער־שול. איר וועט אויך אַריין צווישן די פּיאָנערן. איר זעט ווי זיי זיצן דאָרטן?

— און דו, פרידע — גלייך אין „פרויען־קאָונסיל".

— וואָס איז דאָס?

— דאָס, פאַרשטייסטו, זיינען די כאַווערטעס. דו גיי נאָר צו זייערע מיטינגען וועסטו שוין ווערן א פּאָלנער מענטש.

.5

דערפאַר איז היינט אזא גרויסע סימכע באַ מאַקסן. די הויז איז דעקאָרירט. די טישן — אָנגעשטעלט מיט עסנווארג, ביר און

ווייַן. און אַ געלעכטער שפּאַצירט אַרום. בעוורע זינגען. און אַלע אינאיינעם: די קינדער, פרידע און מאַקס און אַלע זיבעצן פון דער יוניע, און נאָך, און נייַע.

און אינמיטן דרינען. שטיל. ריוווקין וויל עפּעס זאָגן: „איז, כאַוויירים, טאָרן מיר ניט פאַרגעסן אונדזער אַרבעטער סאָלידאַריטעט צו די סטרייקערס. צו וואָס זשע אַ סאַך בריִען, איר פאַרשטייט דאָך, ליידיקט אויס די קעשענעס."

און אַ טעלער גייט אַרום פון האַנט צו האַנט. דער טעלער ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגן. מען וואַרפט מאַטבייעס — קלאַפּט ער, קלינגט ער. מען גיט לאַכנדיק, מען לאַכט קלינגענדיק.

— שאַ, איז וואָס זשע איז היינט בײַ דיר פאַר אַ סימכע, מאַקס? גערופן — געקומען. זאָל איך אַזוי וויסן פון בייז — האָט זיך כאַוועער האַלפּ אויפגעשטעלט.

— טאַקע אַזוי.

— זע נאָר?

האָבן זיך כאַוויירים איבערגעקוקט. אייניקע האָבן זיך געסוידעט, געוויצלט, געוואָלט טרעפן.

— זאָל כאַוועער מאַקס אַליין דערציילן, — האָט איינער אונטערגעכאַפּט.

— זאָל ער, זאָל ער — האָבן זיך אַלע צעפּליעסקעט.

מאַקס האָט זיך אויפגעהויבן אַ באַלויכטענער, געוואָלט האָט ער האַלטן אַ רעדע אַזוי ווי כאַוועער האַלפּ, אָדער כאַוועער ריוווקין. נאָר די צונג האָט זיך אים פאַרטשעפּעט. ער האָט זיך דערשראָקן פאַר אַזוי פיל אויגן, וואָס קוקן אים גלייך אין מויל אַריין. ער האָט זיך פאַררויטלט און קוים מיט לאָשן:

— כאַוויירים, איך ווייס ניט וואָס צו זאָגן. איך קען ניט האַלטן קיין רעדעס. בײַ מיר איז אַזוי זיך אַ יאָנטעוו. ערשט ניט לאַנג איז מיר מיין הויז געוועזן פרעמד, מיין פרוי, מיינע קינדער עפּעס געוועזן, ווי איבעריקע. און איר האָט מיך עפּעס געמאַכט אַ ז ו י, אַז איך זאָל ווערן אַ נ ד ע ר ש. איך קען אַלעס ניט אַרויסזאָגן, אָבער איך פיל, אַז ס'איז איצט בײַ מיר אַ ל ע ב ן. נו, האָבן מיר אייך געמאַכט אַ סודע. איך וויל זיך פרייען מיט אייך. אַ סימכע בײַ מיר אין הויז. דאָס אַלעס.

מאַקס האָט זיך אַוועקגעזעצט. אָפּגעווישט זיין שווייס.
כעוורע האָט לאַנג געקלאַפּט מיט די הענט.
דערנאָך האָבן זיך שאַרפע צינגלעך צ ע ל אָ ז ט און דער־
קלערט מיט אַזעלכע ווערטער, וואָס מאַקס האָט געוואָלט און
געזאָלט זאָגן : „אַ נייע סימכע אַף דער אַרבעטער גאַס, אַ יאָנטעוו
פון אויפלעב !“

# ווי קומט עס צו איר?

.1

געזאָגט האָט מען, אַז זי וועט אויסוואַקסן אַ דאָקטער, אַן אינזשינער אָדער גאָר אַ פּראָפעסאָר. אַ קינד שפּילט פּיאַנאָ און טאַנצט ווי אַ מאַזעק; לערנט זיך מיט די בעסטע ציינכנס; מען טראָגט איר נאָמען פון לערער צו לערער; די גאַנצע מישפּאָכע האָט זיך מיט איר געציאַצקעט; קיין איין פּאַרטי האָט מען ניט דורכגעלאָזט, אַז נאָרמע זאָל ניט דעקלאַמירן אַ ליד, דערציילן אַ מייסעלע, שפּילן, טאַנצן — איז דאָך דאָס שוין איינמאָל אַ געראָטנס.

לאָזט זיך גאָר אויס, אַז זי פאַרענדיקט פּאָבליק סקול און שוין. ס'טייטש, נאָרמע, צוליב וואָס ארבעטן טאַטע-מאַמע אַזוי שווער? אַלץ צוליב איר. פאַרטאָג לויפט שוין דער טאַטע עפּענען די קענדי-סטאָר. טיילט אויס די צייטונגען צו די שטענדיקע קאָסטימער — און ביז שפּעט באַנאַכט שטייט ער מיט דער מאַ־מען: נאָך אַ גלעזל וואַסער, נאָך אַ פּעקל סיגאַרעטס. צוליב וועמען?

און דאָס פאַרדריסט טאַקע נאָרמען. נאָר זי וועט עס ניט זאָגן. זי קען דאָס ניט זאָגן אירע עלטערן. פאַר איר זיינען אירע עלטערן ניט פּאַשטענדלעך. דער פאָטער אליין האָט זי געפירט און דער אידישער ארבעטער שול, צו די פּיאָנערן און דאָרטן האָט מען זי אויסגעלערנט עפּעס אנדערש: ד ע ר  א ר ב ע ט ע ר און דער פויער זיינען די בויער פון דער וועלט.

.2

שוין דריי יאָר ווי נאָרמע איז אַ פּיאַנערקע. ניט איינמאָל האָט זיך די לערערקע פון סקול געבייזערט אויפן קלאַס. זי האָט נאָכגעשפּירט נאָך די קינדער, אָבער זי האָט נאָרמען נישט געכאַפּט, און זי האָט אַפילע ניט געטראַכט, אַז דאָס אויסטיילן די ליפּלעטס איז נאָרמעס אַרבעט. נאָרמע איז קלוג און שטיל און פאַרטראַכט.

און אָט איז זי שוין דרייצן יאָר, נאָר זי וועט ניט אַרויס־טרעטן מיט קיין רעדע. זי קען ניט זאָגן: „מיר, אַרבעטער קינ־דער“. איר טאַטע איז אַ געשעפטסמאַן. איז ווי וועלן אַרבעטער קינדער קוקן אויף איר? ווייל זי מער ניט לערנען. זי וועט אַוועק אין אַ צווייטער שטאָט, זיך נעמען אַרבעטן און דעמאָלט...

נאָר זי קען דאָס קיינעם ניט דערציילן, און אירע עלטערן פאַרשטייען ניט וואָס מיט זייער גראָטן טעכטערל איז געוואָרן. זיי האָבן זי אַמאָל פאַרנאַרט צו אַ דאָקטער. די מאַמע האָט שטיל גערעדט מיטן דאָקטער, אָבער דער דאָקטער האָט זיך אויסגעלאַכט. זי איז געזונט און שטאַרק. זי איז עפּעס ניט צופרידן, דאָס אַלעס. האָבן זיך די עלטערן אָנגעזעצט אויף איר קאָפּ: זי מוז דערציילן וואָס איר פעלט.

נאָר נאָרמע קען און וועט ניט דערציילן. גאָרנישט מיט גאָרנישט און זאָל מען איר ניט דרייען קיין קאָפּ. זי איז שוין ניט קיין בייבי — און טאָמער וועט מען זיך צופיל טשעפּען, וועט זי אינגאַנצן אַוועק פון הויז.

פאַר איר אַנטלויפן האָבן זיך אירע עלטערן שטאַרק דער־שראָקן. אינגאַנצן פאַרלירן זייער טאָכטער ווילן זיי נישט. די עלטערן האָבן געליטן אין דער שטיל. שכיינעס האָבן זיך גע־שושקעט. אייניקע דרינגען, אַז זי האָט צו אַ גרויסן קאָפּ אויף זיך — דרייט ער זיך. דער סאָף וועט זיין, אַז זי וועט אַוועק אין מעשוגאָאים הויז...

.3

איז טאַקע צום טאָג פון נאָרמעס געבורט — איר בעט גע־בליבן ליידיק, און אַ גרויסער בריוו איז געשטאַנען אַפן טיש. אַז די מאַמע האָט דאָס דערזען, האָט זי פריער אַרויסגעלאָזט אַ

גרויסן קוויטש און דערנאָך האָט זי אוועקגעכאַליעשט, און ערשט שפּעטער האָבן טאַטע־מאַמע דעם בריוו געלייענט:

„אַז שוין לאַנג... לאַנג... זי קען שוין מער ניט ליידן... יעדן כוידעש וועט זי שרייבן... אויב... מען וועט זי ניט זוכן..."

די מאַמע האָט זיך געשלאָגן מיט די פויסטן אין קאָפּ, זי וויל איר קינד צוריק, זי וויל איר טאָכטער. נאָר דער טאַטע איז געשטאַנען שטיל און פאַרטראַכט. ער האָט נאָך ניט באַשטימט. ער האָט באַלד גערופן אַלע אייגענע און פריינט אויפן טעלעפאָן און זיי אָנגעזאָגט, אַז די געפּלאַנירטע פּאַרטי פאַר נאָרמען איז אָפּגעלייגט. אייניקע האָט ער געזאָגט, אַז זי פילט ניט גוט. אַנדערע — אַז זי איז אַוועקגעפאָרן, ער האָט זי אַוועקגעשיקט.

און דערווייל איז אַ טאָג און צוויי אַוועק. טעג — אַזעלכע לאַנגע, ציען זיך אָן אַן ענדע. קיין שלאָף איז ניטאָ. נאָרמע האָט מיטגענומען מיט זיך די עלטערנס שלאָף. אין יעדן איינעם ענט־פער אַן אַנדער ליגן: וואו איז נאָרמע, וואו איז נאָרמע?

און אינגאַנצן האָט מיט זיך נאָרמע מיטגענומען דעם פּיאָנערן הייק־גאַרניטור — עפּעס אין זעקל — און איבערגעלאָזט אירע זיידענע קליידער, זיידענע זאָקן און איר גאַנץ פאַרמעגן. נאָר איר טאָג־בוך האָט געפעלט, ווייזט אויס, אַז זי האָט זיך געריכט ווייטער פאַרצייכענען איר לעבן.

## 4.

... אין די באַראַקן בײַ די מיינער איז געווען שטיל. די טאַטעס זיינען אַוועק צו אַ מיטינג פון די סטרייקער. פאַרנאַכט איז דאָס געווען. און בלויז מאַמעס מיט פּיצלעך און קינדער זיינען געזעסן. אייניקע האָבן זיך געשפּילט אין פּאָליסלייט, באַ־סעס און אַרבעטער. קיינער האָט ניט באַמערקט ווי פון באַרג לאָזט זיך אַראָפּ אַ הייקער.

נאָר ווען דער הייקער איז שוין געווען גאָר נאָענט צו די הילצערנע מיינער־שטיבלעך, האָבן קינדער באַמערקט. מען האָט זיך פאַרזאַמלט און געקוקט מיט נייגעריקייט. דער הייקער איז שוין געגאַנגען אַ מידער. ווייזט אויס, אַ לאַנגן וועג דורכגעמאַכט.

און עפשער האָט ער ניט געגעסן אויך. ווער ווייסט? אזוי ווייניק שפּייז אין די מיינערשע געגנטן.

ווען דער הייקער האָט זיך אָפּגעשטעלט, געגריסט און צע־שמייכלט, האָט מען ערשט דערקענט, אז דער הייקער איז גאָר א מיידל מיט ווייסע ציין ווי פּערל. מיינערשע קינדער האָבן נישט אזעלכע ציין. שווארצע האָר און שווארצע אויגן — און ווען זי צעשמייכלט זיך, ווערט פרייליך.

אַלע קינדער האָבן שוין באַלד געוואוסט, אז זי הייסט נאָרמע. נאָרמע איז געזעסן און די קינדער ארום איר. קיין ברויט האָבן זיי ניט, די מיינער־קינדער, נאָר וואסער האָבן זיי איר געבראַכט. איצט דערציילט נאָרמע פון ניו יאָרק, פון די ארבעטער און אר־בעטער־קינדער, וואָס העלפן די מיינער אין זייער סטרייק. און נאָרמע מאָלט בילדער — אז די קינדער זיצן מיט אָפענע אויגן און מיילער און וואונדערן זיך.

און אויפדערנאַכט האָבן זיך די קינדער געריסן איבער נאָרמען. יעדער איינער האָט זי געוואָלט נעמען צו זיך שלאָפן.

.5

פּארטאָג, ווען די קינדער האָבן זיך אויסגעשטעלט מיט פּלאַ־קאַטן אין די הענט, האָבן אַלע איבערגעגעבן נאָרמען די פּירער־שאַפט, און ווען נאָרמע האָט זיך אוועקגעשטעלט שטאָלץ־פּיאָנע־ריש — האָבן אַלע קינדער נאָכגעפאָלגט. און די קינדער פּיקעט־ליין האָט באַקומען אַן אַנדער פּאָנעם. א ליד, צוויי — נייע האָבן זיך דערהערט.

און מיינערס האָבן געקוקט און זיך געוואונדערט:

— ווער איז זי?

— מען האָט זי געשיקט?

— געקומען!

און אַז נאָרמע האָט איר מויל געעפנט אויפן ערשטן מיטינג — גערעדט האָט זי אין נאָמען פון די פּיאָנערן און ארבעטער, — האָט מען זי שוין נישט אָפּגעלאָזט. מען האָט זי געפירט פון איין מיטינג צום צווייטן. איר מויל האָט זיך שוין ניט פארמאַכט. זי האָט באַגייסטערט, איר קאָל — קלינגט. קלאָר יעדער וואָרט.

אויגן ברענן. . . ציין. . . שיינען. . . שמייכל רינט פון מויל. . .
און סייכלדיק איז יעדער זאץ.

.6

טעג און טעג און וואכן לויפן. . . קאמף און קאמף. . . אמאל,
אמאל שרייבט זי אהיים א בריוו. . . צו וואס? אויסגעוועז אזוי
פיל שטעט. . . סטרייקס און דעמאנסטראציעס. . . ארבעטלאזיקייט
. . . געשלעגן און טורמע. . . זע נאר, זי איז שוין זיבעצן. . .
רעדט און רעדט. . . אירע בילדער אין די צייטונגען. . . און פון
דער היים בריוו — לאזן ניט רוען. . . מען ווייסט שוין ווער
זי איז. . . .

זאל זי קומען כאטש אויף א טאג. . .

די מאמע בעט, די מאמע. . . .

מען דערציילט:

. . . די אונטערנעמונג פאר די וועבער־סטרייקער איז שוין
גרייט. דער אוילעם ווארט. נאר מען וויל שוין ווייזן די בילדער
פון סאוועטן־פארבאנד — עס גייט ניט. די מאשין ארבעט ניט.
כאווירים ווערן נערוועז. מען קראצט די מאשין, מען קראצט זיך
אין קאפ. . . .

— נאר וואו איז נארמע?

— זע נאר, נארמע איז דא מיט א נייער מואווי־מאשין.

— פון וואנען?

— האט מען זיך עס אנגעלאכט. זי איז אוועק צום גרעסטן
קלויסטער. אז דער גאלעך האט זי דערזען. . . דריי ווערטער ניט
גערעדט און געליגן די נייע מאשין. . . דער גאלעך האט געזאגט,
אז אזא מענטשן ווי נארמע מוז מען גלויבן. . . איר פאנעם איז
זייער ערלעך. . . .

און אט גרייט מען עסן פאר די סטרייקער. . . אייז איז שויז
אויך דא. נאר מיט וואס צעהאקט מען דאס?. . . שטייען כא־
ווירים און קיצלען דאס גרויסע שטיק אייז מיט א מעסער, נאפל. . .

— וואו זשע איז נארמע?

— אט גייט זי דאך מיטן אייזמאן און מיטן שפיזל. . . .

איינס, צוויי, דריי און זי צעהאקט דאס אייז אויף שטיקלעך. .

.7

און ווען נאָרמע איז אריין אין הויז פון אירע עלטערן — איז געווען געפּאַקט ווי באַ אַ מיטינג.

די מאַמע האָט זי געקושט און געוויינט... דער טאַטע האָט זי פאַרשעמט ארומגענומען. מישפּאָכע האָט געקוקט מיט גרוים רעספּעקט אַף נאָרמען. נאָרמע האָט געשיינט. יעדן געענטפערט קורץ און קלוג.

— אויף ווי לאַנג, נאָרמע, ביסטו געקומען? — האָט דער פֿאָטער געפרעגט מיט אַ טאָן פון איינעם, וואָס שרעקט זיך.

— די באַוועגונג האָט דערלויבט אַף צוויי טעג, וועלן מיר די נעכט נישט שלאָפן, ריידן און דערציילן. וועט ווערן פון די צוויי — דריי. גוט? — און האָט זיך צעשמייכלט.

מיטאַמאָל האָט פאַר נאָרמען אַ בליץ געטאָן דער מאַמעס גרויער קאָפּ. האָט נאָרמע ארומגענומען די מאַמען, ווי מען נעמט ארום אַ שוועסטערל:

— ניט געזאָרגט, מאַמע, דיינע גרויע האָר האָבן געהאָלפן קעמפן!

האָט די מאַמע ארומגעכאַפּט נאָרמען נאָכאַמאָל, זי געקושט, געגלעט און טאַקע ניט געקענט איינהאַלטן די טרערן.

— אינגאַנצן האָט מען אָפּגעלייגט נאָרמעס פּאַרטי אויף פיר יאָר....

ביז שפּעט אין אָוונט האָט מען געזונגען לידער.

געוויינטלעך האָט נאָרמע געהאַלטן אַ קורצע רעדע, אַ קלוגע: „מיר דאַרפן די קליינע געשעפטסלייט צוציען צום אַרבעטער קלאַס קעגן קאַפּיטאַליזם... גרויסע קאַפּיטאַליסטן עקספּלואַטירן יעדן.... און דעמאָלט, ווען מיר וועלן איינפירן אַ סאָוועטן־לאַנד, וועלן מיר אָפּשאַפן געשעפטן פון איינציקע מענטשן...!“

און אַלע האָבן געהאַלטן אין איין ריידן צווישן זיך:

— געמיינט עס וועט אויסוואַקסן אַ דאָקטער.

— פּראָפעסער!

— טענצערין!

— גאָר אַ רעוואָלוציאָנערקע.

— ווי קומט עס צו איר, ווי קומט עס צו איר?

# דאָס פרעמדע בייכל

.1

ווי אַ פעטע גרויסע גאַנדז, אַן אויסגעפּאַשעטע, מיטן בייכל פאָרויס, — אַזוי שפּאַנט ער איבער די דעטרויטער גאַסן, און יעדער שפּאַן איז אַן אָנגעזשעענער, אַ שווערער. עס קרעכצט אונ־טער זיין טראָט. ווייל גרויס און שווער איז די מאַסע, וואָס זיינע פיס טראָגן נעבעך אויף זיך. און דאָס, וואָס זיין קאָפּ איז פאַרפּוצט מיט אַ פודלע ווייסע האָר און אונטער דער נאָז האָט ער זיך אָוועקגעלייגט צוויי קישעלעך־וואָנצעס, ווי פון געקליבענע פעדערן געוועבטע, גיט אים צו אַ באַזונדערן כיין.

ווען ער טראָגט אַ שטעקעלע אין דער האַנט און אַ קליין געפּלעקט הינטעלע, מיט אַ קורץ קאַרנאַסע נעזעלע, לויפט אים נאָך, וואָלט איר זיכער געמיינט, אַז ס׳איז נעבעך אַ צאַרישער גענעראַל, אַ פוילישער פּאַרעץ אָדער איינער פון די „פיר הונדערט“, וועמען ס׳איז באַשערט צו וואוינען אין פּאַרדס צוגערוכערטער שטאָלענער שטאָט.

אָבער דאָס איז גאָר שייקע, איינער פון דער אַרבעטלאָזער אַרמיי, איינער פון די אויסדערוויילטע „זיבעצן מיליאָן, וואָס האָבן רייך געמאַכט אַמעריטשקע,“ לויט זיין מיינונג. גייט ער זיך אַזוי, שייקע, און מיטאַמאָל דערזעט ער אַ בלעטעלע. און דאָס בלעטעלע זאָגט פּאַשעט: אַלע אַרבעטלאָזע זאָלן קומען אויף אַ גרויסן מאַסן מיטינג! כאָטש פאַרשטאַנען האָט ער באַלד, אַז קיין אַרבעט וועט מען אויף דעם מיטינג ניט געבן. נאָר וואָס דען, וואָס אַרט עס אים, ער האָט דען וואָס צו טאָן? — ער קומט אַריין צום מיטינג, ס׳איז קיין איינאָרע געפּאַקט. מען גייט אַרום אָן אַרבעט, ניט צו פאַרזינדיקן. טראַכט ער זיך, ער וועט זיך אָוועקזעצן און אומיסטן הערן, וואָס מען וועט דאָ זאָגן.

אַביסל איז אים געווען פריקרע, וואָס מען קוקט אַזוי פיל אויף זיין בייכל. די ברידערלעך האָבן אַפּאָנים געמיינט, אַז ער איז כאָלילע זייערס אַ סוינע. נאָר מיטאַמאָל האָט זיך דער־הערט אַ קלאַפּ מיט אַ העמערל. ס׳איז געוואָרן שטיל אין זאַל. און אַ שמייכלדיקער באָכער האָט זיך אָוועקגעשטעלט רעדן. איי

האָט ער געערדט. נאָר וואָס רייבט זיך שייקע אַזוי דעם שטערן, וואָס וויל ער זיך דערמאָנען? — ער האָט ערגעץ געהערט די ווערטער. ער קען שווערן. אָבער שוין זייער לאַנג. אָ, יאָ, ער געדיינקט שוין.

.2

ס'אַ פּאַשעטע מייסע: ווען ער איז אָנגעקומען אין לאַנד אַריין צוריק מיט אַ פיר־פינף און צוואַנציק יאָר, האָט ער זיך עפּעס אויך אַזוי אַרומגעדרייט אין ניו יאָרק אָן איבעריקער. קיין אַרבעט האָט ער דעמאָלט אויך ניט געהאַט. און מען האָט זיך געטומלט וועגן אַ רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. איז ער אויך אַריינ־געפאַלן אויף אַזאַ מיטינג. כאָטש ער געדיינקט גאַנץ גוט, אַז אין זייער וואָלינער שטעטל, ווען ער האָט עס פאַרלאָזט, ווייל ער האָט ניט געוואָלט זיין קיין סאָלדאַט בּאַ פאָניען, איז געווען זייער רואיק, נאָר אַז מען זאָגט אין אַמעריקע אַ רעוואָלוציע, וועט ער ניט גלויבן? — האָט ער זיך פאַרשריבן פאַר אַ סאָציאַליסט, גע־גאַנגען צו מיטינגען, אויף בּעלער. ער האָט דעמאָלט זייער שיין פאַרבראַכט.

נאָר דעמאָלט האָט זיך געטראָפן מיט אים זייער אַ פּאַס־קודנע מייסע, און בּעשאַס שייקע דערמאָנט זיך אָן דער מייסע, לאָזט ער אַרויס אַ טיפן קרעכץ, זיין בּייכל גיט זיך אַ הוידל, עס פילט מיט דעם געטרייען בּאַלעבּאָס.

.3

ווערליק שייקע אַליין דערציילט, איז דאָס אַ גאַנץ געוויינט־לעכע מייסע: ער איז דעמאָלט, צוריק מיט פינף־און־צוואַנציק יאָר, ווייזט אויס, געווען אַ בּיסעלע יינגער ווי איצט. קומט ער אָן אויסגעפּוצטער צו אַ בּאָל. ער האָט זיך פריש אָפּגעשאָבן, אַרומגעשאָרן און זיך פאַרקנאַקט אין עסיק און האָניק. דאַרף זיך אים טרעפן דאָרטן אַ מירעלע. שוין איינמאָל אַ מויד. ער כאַפּט מיט איר איין טענצל, אַ צווייטן און אין דריי וואָכן אַרום האָבן זיי כאַסענע.

דערווייל טרעפט זיך, אַז אַ שוואָגערל וואַרפט אַריין אַ בריוול: „קינדער, דעטרויט וואַקסט. ס'עט זיין אַמאָל אַ גרויסע

שטאָט. קומט צופאָרן און איר וועט דאָ קריגן אַרבעט״. מער האָט מען ניט באַדאַרפט. שייקע האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַרריכטן באַנען און זיין מירעלע האָט אָנגעהויבן האָבן קינדער. איז ער זיך אַזוי אָפּגעשטאַנען זיינע דריי־און־צוואַנציק יאָרלעך און גע־שלייפט און געבויערט שטאָל און אייזן.

מיטאַמאָל האָט ער דערפילט, אַז די פיס לאָזן זיך אַראָפּ, ווי אַ פערד לאָזט זיך אַראָפּ, אַ מידס פון אַ ווייטן וועג. און אויס שייקע. און מיטאַמאָל האָט ער דערזען, אַז זיין מירל האָט זעקס קינדער און אויס מירל. וועט דאָך מישפּאָכע ניט דערלאָזן אַזאַ זאַך. האָט מען געקראָגן גוט־זאָגערס, געליגן עטלעכע דאָלער און געעפנט אַ גראָסערי געשעפטעלע. איז דאָס גלייך אַוועק אין דר'ערד. מען האָט זיך אָפּגעמוטשעט דריי יאָר און אַרויס מיט די צעריבענע הויזן.

.4

„די רעפּובליקאַנער און דעמאָקראַטן האָבן געשלאָסן אַן איי־נעקייט קעגן דעם אַרבעטער קלאַס. זיי איז גוט אין גאָלדענעם לאַנד. נאָר די איינציקע אַרבעטער פּאַרטיי, די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, פירט אַ קאַמף.״

רייבט זיך שייקע די אויגן און פאַרשטייט ניט. ער איז דאָך אַמאָל געווען אַ סאָציאַליסט. די סאָציאַליסטן האָבן דאָך אַמאָל גע־רעדט די זעלבע רייד? ווי קען דאָס זיין? — שטעלט שייקע אָן מויל און אויערן און הערט זיך איין. בעשאַס מייסע שאָקלט ער צו מיט'ן קאָפּ. ער אָטעמט שווער און זיין בייכל הוידלט זיך. ער לאָזט אַרויס אַ לאַנגן „פּפּו־ו־ו״ פון מויל און נאָזלעכער, ווי אַ סאַמאָוואַר, ווען ער גרייט זיך אויפזידן. „אַזוי, אַזוי, זיי האָבן זיך פאַרזאָרגט מיט גומע דזשאַבעלעך און פאַרגעסן די גאַנצע געשיכטע,״ קייעט ער איבער די ווערטער.

„איז ווער עס וויל זיך אָנשליסן אין דער פּאַרטיי, זאָל אויס־פילן אַ קאַרטעלע.״ שייקע נעמט דאָס קאַרטעלע אין זיינע פעטע הענט, קוקט אויף דעם, דרייט עס איבער. אָבער ער האָט גאָר פאַרגעסן, אַז ער קען ניט שרייבן.

„אויספילן פאַר אייך, כאַוועֶר?״

ער קוקט זיך אום, אַ יונג מיידל, ווי זיין אַמאָליקע מירעלע. זי שמייכלט און זי איז מיט אים שוין כאַוועֶר. צעשמייכלט זיך

שייקע אויך: „אויספילן“.

5

דערציילט זיך שייקע אָן מייסעלעך, אז ס'איז נאָר צום לאַכן. ער גייט זיך אזוי מיט די צייטונגען אין האנט. ער גייט פון הויז צו הויז, קלאַפּט אָן און דערלאנגט א צייטונג. אז קיין געלט בעט ער ניט, נעמט מען צו. האָט ער שוין טאקע אריינגעבראַכט א שיין ביסל נייע לייענער פאר דער קאָמוניסטישער פּרעסע. באגעגנט ער א נעגערל, א לעבעדיקס מיט פּוכקע בעקעלעך און געקרייזלטע הערעלעך „נאַ„ מאַכט ער צו אים, „גיב עס צו דיין פּאַפּען. עס קאָסט קיין געלט ניט„. האָט ער עס גענומען, זיך צעלאַכט און אוועקגעלאָפן. און פון דעמאָלט אָן, ווען ער דערזעט אים נאָר פון דער ווייטנס, לויפט ער אים אנטקעגן מיט דריי סענט „מיסטער, פּאַפּ לייקס דים פּייפּ“.

אנומעלטן שטעלט ער זיך אוועק לעבן א ראַג. ער האָט געזען, אז פאָרד־ארבעטער גייען פון דער ארבעט, פארקויפט ער די צייטונ־גען. גייט צו א דזשענטלמען, וואָס מיינט, אז זיינע צייטונגען זיינען פּונקט ווי אַלע צייטונגען און זידלט אים:

„ווי שעמסטו זיך ניט, אזא אַלטער מאַן שטעלט זיך אוועק און קאָנקורירט מיט קינדער“. האָט ער אזוי א קוק געטאָן אויף אים, שייקע, און מאַכט צו אים: „אבעטשע דו ווייסט ניט, וואָס פאַרא צייטונגען איך פארקויף. נאַ דיר א צייטונגל אומזיסט און אז עס וועט דיר געפעלן, וועסטו שוין באַצאָלן מיט אמאָל“. און שייקע דערלאַנגט אים א צייטונגל. און פון יענעם טאָג אָן קויפט ער, דער דזשענטלמען, דריי צייטונגען, איינעם פאר זיך און צוויי צעטיילט ער.

6

און שייקע איז געווען בא דער דעמאָנסטראַציע דעם זעקסטן מערץ. אוי איז דאָרט געווען א ביסל ברידערלעך. ווייסע און שווארצע און קינדער און ווייבער. שייקע האָט אויפגעהויבן א פּלאַקאַט אויך. נאָר דער פּאָליסמאַן וואָס האָט עס באלד ארויס־געכאַפּט פון זיינע הענט, האָט עפּעס ניט געוואָלט דערלאַנגען מיט'ן שווארצן שטעקעלע. ווייסט אים דער טייוול פארוואָס. צי ס'איז געווען א נייַ פּאָליסמאַנדל, וואָס קען נאָך ניט די מעלאָכע, צי

ער האָט זיך דערשראָקן פאַר שייקעס בייכל. עס טוט אים שרעק־לעך באַנג, וואָס מען האָט אים ניט אַרעסטירט. ער וואָלט זיי גע־זאָגט: „איך האָב דריי און צוואַנציק יאָרלעך פאַריכט באַנען אין דעטרויט און איצט טראָג איך צעריסענע שיך!“

7

און זיין גרויסע פאַמיליע האָט ער שוין אויך מאַפקער געווען. וואָס קען ער טאָן? — האָט איר געהערט, אַז אַ ווייב זאָל ווערן אויף דער עלטער אַ צאַדייקעס? זי סימפּאַטיזירט דאַפקע מיט די קאָמוניסטן, זיי דאַרפן זיין וואוילע מענטשן, וואָס זיי נעמען זיך אָן פאַר די אַרבעטער. נאָר וואָס דען, מען מוז דאָך בענטשן ליכט, ווי דען? — אויבן זיצט קיינער ניט? ווער זשע פירט די וועלט? — מען זאָגט איר קאַפּיטאַליסטן, פרעגט זי גאָר אויף גאָט.

מיט די קינדער האָט ער גרויסע צאָרעס: די עלטסטע מויד האָט זיך געשוואוירן, אַז אויב מען וועט אים, שייקען, איר טאַטן, אַרעסטירן אויף אַ דעמאָנסטראַציע פון די קאָמוניסטן, וואָס ווילן אומברייינגען איר אַמעריקע, וועט זי נעמען אַ ראַזיר־מעסער און זיך איבערשניידן דעם האַלדז. האָט זיך שייקע צעלאַכט און איר געאייצעט זי זאָל עס גלייך טאָן, אויב איר אַמעריקע געפעלט איר אַזוי שטאַרק.

די קליינע וועוריקעס טוען אים אָן גרויסע צאָרעס. זיי זידלען אים און מאַכן אים מיט דער בלאָטע. וואָלט ער געווען אַ פאַרדיי־נער, וואָלטן זיי צו אַ טאַטן אַזוי ניט געערדט. אָבער אַז ער גייט שוין אַרום אַזוי אַ צוויי יאָר אָן אַרבעט און די מאַמע מיט דער טאָכטער פירן די גרענדע, קען ער גאָרנישט טאָן. האָט ער זיי מאַפקער געווען און פאַרטיק. זיינען דאָ אַנדערע קינדערלעך, מיט וועמען ער פאַרברייינגט. זיינען דאָ טייערע פּיאָנערלעך, אַרבעטער־שול קינדער, זינגען שיינע לידעלעך און פאַרשטייען שוין פּאָליטיק און פאַרשפּרייטן בלעטלעך.

8.

זאָגן כאַוויירימלעך: „כאַוועד שייקע, דו דאַרפסט העלפן אין דער שול־אַרבעט“. גייט ער פאַרקויפן בילעטן, נעמט ער אָן אין אַ קאָמיטעט. זאָגן כאַוויירימלעך: „כאַוועד שייקע, דו

דאַרפסט העלפן אין איקאַר, העלפן באַזעצן די ברידערלעך אין ביראָ־בידזשאַן". גייט ער קלייבן באַגריסונגען, העלפט ער טראָגן פעקלעך צום באַזאַר און שרייט אויף קוילע־קוילעס: „אהער, כאַוויירימלעך, פאַר צען סענט קענט איר געווינען אַן אויצער".

און אַז די מוזיק גיט זיך אַ צעשפּיל, און פּאָרעלעך הויבן זיך אָן דרייען, גיט זיך שייקע אַ הויב אויף, כאַפּט אַ כאַווערטעלע און דרייט זיך מיט איר. נאָר דאָס בייכל שטערט אים אַביסל אין קאַדריל. אָבער ער פאַרגעסט, אַז ער האָט אַ ווייב מיט קינ־דער. ער פאַרגעסט, אַז ער איז אַרבעטלאָז. „מיר וועלן דאָך באַלד איבערבויען אונדזער וועלטעלע."

איז שייקע לעבעדיק. גייט אַרום מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. איצט ווייסט ער דאָך וואָס ער טוט, ער ק ע מ פ ט!

.9

ער האָט עס שוין אפילו אין דער ערד, דאָס בייכל זיינס, נאָר וואָס זשע דען, עס איז אים עפּעס פּריקרע. מען קומט זיך צונויף אויף אַ מיטינג פון אַרבעטער, אַלע האָבן עפּעס אַזעלכע איידעלע פּענעמער, דאַרע פּלייצעלעך, און מיטאַמאָל קומט ער אַריין מיט זיין בייכל, פילט ער זיך עפּעס ניט אין פּלאַץ.

וואָס זשע טוט מען מיטן בייכל, כאַוויירימלעך?

איז די יונגע שנעקעס שיקן אים אין דעם „פרייהייט ספּאָרט קלוב". דאָרטן, זאָגן זיי, וועט מען עס אַביסל אַרומשאָבן. נאָר שייקע ווייסט גאַנץ גוט, אַז ער האָט דריי און צוואַנציק יאָרעלעך געשלייפט און געבויערט שטאָל און אייזן, און עס האָט ניט גע־האָלפן. וועט שוין קיין טאָטער אויך ניט העלפן.

נאָר אַן אַרבעט האָט ער יאָ. יעדן איינעם דאַרף ער דער־ציילן זיין לעבנס־געשיכטע און אָנהויבן מוז ער מיט זיין טאַטן:

זיין טאַטע איז געווען אַ מייסטער, אַ שניידער אין אַ קליין שטעטל פון וואָלין. ער איז געווען זייער אַ פיינער באַלמעלאָכע, נאָר אויף קיין ברויט פאַר דער פולער הויז מיט קינדערלעך האָט ער קיינמאָל ניט פאַרדינט. געדיינקט ער, שייקע, ווען ער איז געווען אַ קליין פּעמפּיקל, איז ער שטענדיק אַרומגעגאַנגען מיט צעריסענע הויזן. פלעגט אַריינבלאָזן אַ סאַך לופט. און די קינ־דערלעך פון די שכיינעס פלעגן אים פּאָלגן. און ווען ער פלעגט דערזען באַ אימיצן ברויט מיט פוטער, האָט ער זיי געהייסן קוקן

אויפן הימל און זיי געלערנט פארזשמורען די אויגעלעך, ווען זיי דערזען די שטערן באטאג, און דערווייל האט ער ארומגע־ביסן די שטיקלעך ברויט. און די קינדערלעך זיינען געבליבן מיט פיצעלעך הארטע ברויט אין די הענט און אפילו ניט געוואוסט ווער עס האט זיי געהאלפן עסן.

דערנאך האט זיך זיין טאטע מעיאשעוו געווען, — א דארער איז ער געווען און געהוסט האט ער שטענדיק — האט ער זיך אוועקגעלייגט און איז געשטארבן.

דעמאלט האט די מאמע אנגעהויבן באקן קנישעקלעך, זיי אריינגעלייגט אין א גרויסן קויש און אוועק אין מארק אריין אויף א גאנצן טאג.

שייקע באלעקט זיך נאך איצט, ווען ער דערמאנט זיך אין די קנישעקלעך, וואס ער פלעגט גאנווענען בא דער מאמען פון צעריסענעם קויש.

און אז ער איז אויסגעוואקסן און דערזען, אז ער פארמאגט א בייכל, האט ער זיך אנגעהויבן פרעגן: ווי קומט עס צו אים? — ניט אנדערש, עס שטאמט פון די שטיקעלעך ברויט מיט פו־טער, פון דער לופט, וואס פלעגט ארומשפאצירן אין זיינע צעלע־כערטע הויזן און פון די קנישעקלעך....

## 10.

אז ער קומט אויף א פארזאמלונג און דערזעט פארדס אר־בעטער, ווערט אים אביסל פריקרע. אבער קיין אייצע איז ניטא. און כאווירימלעך, זאלן לעבן, שמייכלען אמאל אונטער פון אים, פארדריסט עס אים. איז ער שוין אמאל צוגעגאנגען צום „די. א." (דיסטריקט ארגאנייזער) אליין, וואס האט ער מוירע? ער איז פון די אקטיווע, נישקאשע: „כאווערל, וואס זאגט איר ווענן דעם איניען. עס איז מיר ניט אנגענעם."

צעלאכט זיך דער כאווערל „די. א." און קלאפט אים איבער דער פלייצע: „אבי דער קאפ איז מיט אונדז, מעג דאס בייכל זיין א פרעמדס!"

גייט זיך שייקע ארום איבער די דעטרויטער גאסן מיטן אויסגעפאשעטן בייכל. מיט זיין פודלע ווייסע האר, ווי פון גע־קליבענע פעדערן געוועבטע. און יעדער שפאן איז אן אנגעזע־ענער, עס קרעכצט אונטער זיין טראט. אבער דערפאר איז ער א זיכערער געווארן. דער קאפ איז זיינער.

# סמיט

צוריק מיט יאָרן איז דער קאַפּעליוש געווען נײַ, מיט א לענגלעכן טאָלכל אינמיטן און מיט א זיידענער טאַשמע ביז די בריגן. איצט ליגט ער אויף כאַוועך סמיטס קאָפּ ווי א צע־קוועטשטער גרויסער וואַרעניק. ער זעט אויס, ווי מען וואָלט פון אויבן אויסגעשאָסן עטלעכע לעכלעך און באַפּלעקט מיט אויל. פון אַמאָליקן זיידן סטענגעלע איז נאָר געבליבן א סימען. דער־פאַר לאָזן זיך אראָפּ פון אויבן פינף רינוועלעך, דורך וועלכע עס רינט מיסטאָמע ארוים דער רעגן, וואָס זאַמלט זיך אָן אַפן דעכל. כאַוועך סמיט איז אַמאָל אהיים געגאַנגען א מידער און הונגע־ריקער. ווען ער האָט דערזען אָט דעם טייערן ברוינעם קאַפּעליוש, האָט ער אים ארויסגענומען פון אַש־קען און אריינגעוואָרפן אהין זיין מיצל.

אויפן גוף טראָגט כאַוועך סמיט א פּליושן רעקל. ס'איז זייער א טייערער פּליוש. די פּערלמוטערנע קנעפּ שיינען ארויס פון שאָקאָלאַד־פּאַרביקן פּליוש און דערציילן, אז זיי שטאַמען פון גאָר א גרויסן איכעס. וואָס איז שייעך די הויזן, געדיינקט שוין ניט סמיט, וואו ער האָט זיי באַקומען, ווייל ער טראָגט זיי זייער לאַנג. ס'איז טאַקע זיינע הויזן. די שיך זיינען גאַנץ געוויינט־לעכע מיט פענצטערלעך, צו צוויי אויף יעדן שוך, עס זאָל זיין געגנוג ליכטיק און עס זאָל אריין לופט.

אָבער ווען די קליינעקייטן טראָגט סמיט זייער ווייניק. ווען וואָס ער זאָרגט זיך יאָ, איז וואו נעמט מען אביסל טאַבאַק פאַר דער ליולקע. אז קיין עסן איז ניטאָ, קיין אַרבעט גיט מען ניט,

דארף מען כאָטש רויכערן. די ליולקע איז בײַ סמיטן זייער הייליק. ער קען אַמאָל ליגן אַ גאַנצע נאַכט אויפֿן בוידעם און איר דערציילן אַ וועלט מיט מייסעס. און די שווארצע ליולקע מיטן פארדרייטן קעפל ליגט לעבן אים און הערט.

.2

גייט ער זיך אַזוי, סמיט, און ווייסט ניט וואוהין. וואָס איז אים דער אונטערשיד? — מיטאַמאָל דערזעט ער אויף אַ ראָג אַ געזעמל מיט מענטשן, ווייסע און שווארצע. טראַכט ער זיך: מיסטאמע אַ פייערל אָדער אַ ווייב האָט אויסגעפּאַטשט איר שיקערן מאַן. גייט ער אויך צו. ערשט ס'איז גאָר שטיל. אַלע שטייען מיט אויסגעשטעלטע אויגן און צעשפּרייטע ליפּן און הערן, וואָס אַ ווייסער רעדט.

פון די ווייסע האָט סמיט קיינמאָל ניט געהאַלטן. זיי זיינען עפּעס ו ו י י ס. זיי זיינען ווייך און ניט אויסגעבאַקן. דערפאַר עפּשער זיינען זיי איבערגעשפּיצט און האַלטן זיך גרויס. אַמאָל האָט ער זיי טאַקע שטאַרק פיינט געהאַט. זיי האָבן אַלצדינג פאַרכאַפּט פאַר זיך. גלייך ווי די ווייסע זיינען געבוירן געוואָרן צו זיין הערן און די שווארצע — צו זיין שקלאַפן. נאָר זינט ער האָט דערזען שווארצע באַלעבאַטים און שווארצע פּאָליסלייט, וואָס זיינען אַמאָל נאָך ערגער פון ווייסע, האָט ער געענדערט זיין מיי־נונג. נאָר ער האַלט ניט פון די ווייסע. זיי זיינען עפּעס ו ו י י ס און ו ו י י ך. ניט זיינע מענטשן.

רעדט ער טאַקע, דער באָכער אויפֿן לייטערל, אָט פון דעם אָ. ער זאָגט, אַז די רייכע ווילן אומיסנע, אַז שווארצע און ווייסע, אידן און קריסטן זאָלן זיך פיינט האָבן — וועלן די אַרבעטער ניט פאַרשטיין, פאַרוואָס עס איז זיי שלעכט. האָט זיך סמיט אַ קראַץ געטאָן אונטערן קאַפּעליוש, אַ ציי געטאָן פון דער ליי־דיקער ליולקע און אויפגעעפנט ברייטער די ליפּן. דער ווייסער באָכער האָט געזאָגט: „עס איז פאַראַן אַ פּאַרטיי, וואָס פירט אַ קאַמף פאַרן אַרבעטער קלאַס איבער דער גאַנצער וועלט. אין דער פּאַרטיי באַלאַנגען די געלע כינעזער, די רויטע אינדיאַנער, די שווארצע נעגערס און די ווייסע. די אַרבעטער פון אַלע ראַסן

און פעלקער."... און דער רעדנער דערציילט פון אַ לאַנד, וואו די אַרבעטער האָבן שוין איבערגענומען דאָס לעבן אין זייערע הענט. און ער ווייזט אָן, אַז דאָ, אין רייכסטן לאַנד, גייען אַרבע־טער אַרום ליידיק און ס'איז ניטאָ וואָס צו עסן.

באַ די ווערטער איז סמיט געוואָרן נערוועז. ער האָט זיך שטאַרק געקראַצט אין קאָפּ און האַסטיקער געצויגן פון דער ליולקע. און סע האָט זיך פון אים אַרויסגעריסן:

„עמעס, ברודער, דו רעדסט עפּעס זייער שיין, אויב דו מיינסט עס ערנסט."

דער אוילעם האָט אויסגעדרייט צו אים די קעפּ און זיך געבייזערט מיט די בליקן, פאַרוואָס ער שטערט. נאָר דער רעד־נער איז גראָדע געווען צופרידן. ער האָט גענומען דערציילן אַ מייסעלע פון פאָרדן: באַ פאָרדן אין די פאַבריקן האָבן אין איין אָפּטיילונג אַכט יאָר געאַרבעט צוויי געצייג־שלייפער וואָס האָבן פאַר דער גאַנצער צייט צווישן זיך קיין איין וואָרט ניט אויסגע־רעדט. ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט מיט די בליקן, האָבן די בליקן געפירט צווישן זיך אַ רויגעס, ווייל איינער איז געווען אַ שוואַר־צער און דער צווייטער אַ ווייסער. אין אַ שיינעם טאָג איז צו־געגאַנגען דער פאַרוואַלטער און פּאָשעט געזאָגט: „איר זיינט שוין צו אַלט צו דער אַרבעט!" ווען זיי זיינען אַרויס פון דער פאַבריק האָבן זיי זיך דורכגעקוקט און אָנגעהויבן רעדן, און פון דעמאָלט אָן זיינען זיי געוואָרן כאַווייריִם.

.3

ווען סמיט האָט זיך אַריינגערוקט אין טיי־צימערל, איז ער אַביסל צעטומלט געוואָרן. אַרום פּאָשעטע טישן זיינען געזעסן ווייסע מענער און פרויען מיט אַ פּאָר קינדער, געטרונקען טיי, געשפּילט אין דאַמינאָס און געשמועסט אויף הויכע קוילעס. איי־ניקע האָבן גערעדט אויף ענגליש. די מערסטע האָבן גערעדט אי־דיש. ער האָט דערקענט. ער האָט אַמאָל געאַרבעט מיט אידן צוזאַמען. אַ פּאָר האָבן גערעדט אויף נאָר אַ פרעמדער שפּראַך. צום אָנהויב האָט ער געמיינט, אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ רעסטאָראַן. ער האָט אַרויסגענומען דאָס ווייסע צעטעלע, שוין

אביסל צעקנייטשט, עס איבערגעקוקט. ס'שטימט. דער ריכטי־קער אדרעס. האָט ער זיך צום ערשטן אוועקגעזעצט, אראָפּגע־רוקט פעסטער דעם קאַפּעליוש, געצויגן פון זיין ליולקע און גע־וואַרט. ער וועט שוין זען, וואָס דאָ קומט פאָר.

האָט ער באַמערקט, ווי מען קוקט אויף אים. האָט ער אוועקגעשיקט זיינע בליקן צו דער סטעליע און זיך איינגעהערט אין דעם פאַרשידן־שפּראַכיקן טומל. מיטאַמאָל האָט ער דער־פילט אַ טאָרע. ער קוקט זיך אום: ס'איז טאַקע יענער באָכער, וואָס האָט גערעדט אויפן ראָג. ער שטרעקט אים אויס אַ האַנט: „העלאָו, קאַמראַד סמיט!" סמיט האָט אים דערלאַנגט די האַנט און זיך צעשמייכלט. נאָר ער הויבט ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס איז ער אַזוי צופרידן, וואָס ער, סמיט, איז טאַקע געקומען צום מיטינג, וואָס פאַר אַ נוצן קען ער שוין ברענגען. אַז קיין געלט האָט ער ניט. קיין אַרבעט האָט ער ניט. קיין היים האָט ער ניט. און רעדן קען ער אויך ניט.

נאָר דער באָכער נעמט אים אַריין אין אַ צווייטן צימער. ער רעדט און רעדט אין אים אַריין. דאַכט זיך פּאַשעטע ענג־לישע ווערטער, אָבער אַביסעלע צו פרעמד פאַר אים, צו הויך. ער פילט זיי עפּעס, נאָר ער קען זיי נאָך ניט צעקייען. אין דער צייט וואָס ער זיצט און הערט אַזוי פיל אַריין, קומען אַלעמאָל אָן נייע מענטשן. ווייסע מיידלעך און יונגען און עלטערע. מען זעצט זיך אוים. אייניקע לייענען, רויכערן, אַנדערע שמועסן. און אָט איז אַריין אַ שוואַרצער, אַ יונגער. סמיט האָט זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט. ער האָט זיך דערפרייט. איז דאָך טאַקע עמעס, וואָס דער באָכער האָט געזאָגט.

אַ ווייסע מיידל גיט אַ קלאַפּ אין טיש. אַלע ווערן שטיל. מען קלייבט אויס אַ פּאָרזיצער. מען רעדט. אַלע האָבן וואָס צו זאָגן. אַלע ווערטער זיינען פּונקט אַזעלכע ווי דעם באָכערס. זיצט ער, סמיט, און הערט זיך איין. ער פאַרשטייט שוין איצט בעסער. מיטאַמאָל גיט אים דער פּאָרזיצער אַ פרעג: „קאַמראַד סמיט, דו ווילסט זיך אָנשליסן?"

סמיט גיט זיך אַ הייב אויף און ענטפערט שטאָלץ: „יעס סער!"

באַמערקט ער, אַ שמייכעלע האָט זיך דורכגעקייקלט. ער

ווייסט אָבער ניט געניי, צי דאָס לאַכט מען פון אים, צי פון זיין קאַפעליוש, צי פון זיין ליולקע. ער זעצט זיך צוריק אַוועק און אָטעמט אָפּ.

„אָבער פאַרוואָס ווילסטו זיך אָנשליסן אין אונדזער פּאַר־טיי?" — פרעגט דער פּאָרזיצער.

„איך האָב געבויעט הייזער. איך האָב געמאַכט מאַשינען בא פאָרדן. און איצט האָב איך ניט קיין הויז, קיין ברויט. איך האָב געהערט, אַז די פּאַרטיי וויל צונויפנעמען אַלע אַרבעטער און אָפּנעמען אונדזערע פאַרמעגנס, וואָס מיר האָבן געשאַפן. דערפאַר שליס איך זיך אָן" — האָט סמיט זיך אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן מיט דער האַנט און זיך פאַוואָלינקע אַוועק־געזעצט. נאָר ער פאַרשטייט ניט, פאַרוואָס מען האָט געקלאַפּט מיט די הענט. ער איז דאָך ניט קיין אַקטיאָר. ער שפּילט ניט קיין טעאַטער.

מען דערלאַנגט אים אַ רויט קאַרטעלע. ער דאַרף אָנשרייבן זיין נאָמען. אַן אַדרעס? — ער האָט ניט קיין אַדרעס. אַר־בעט? — ער אַרבעט ניט. אָבער ער וועט שוין וויסן, ווען צו קומען. יעדן דינסטיק אָוונט.

דער מיטינג שליסט זיך. די כאַווײרים צעגייען זיך. סמיט בלייבט נאָך זיצן. ער וואַרט. ער וויל עפּעס פרעגן. ער וויל עפּעס טאָן. דער יונגער שוואַרצער כאַווער דערלאַנגט אים אַ פּעקל בלעטלעך און זאָגט קורץ: „צעטייל דאָס צווישן די שוואַרצע. רעד מיט זיי, ברייננג זיי אַהערצו," און ער אַנטלויפט. בלייבט סמיט שטיין מיט אַן אָפן מויל און מיט דעם פּעקל בלעטלעך.

## .4

כאַווער סמיט קומט שוין אַריין יעדן אָוונט מיט אַ שמיי־כעלע. יעדן איינעם זאָגט ער: „העלאָו, קאַמראַד!" ער מיינט, אַז אַלע וואָס קומען אַריין אין אַרבעטער צענטער, זיינען כאַווײרים. ער האָט שוין אַן אַרבעט. יעדן טאָג נעמט ער אַ פּעקל צייטונגען, גייט פון הויז צו הויז און פאַרשפּרייט. ס'איז זייער אַ לייכטע אַרבעט. ער איז זייער צופרידן. גייט ער אַרום מיט אַ שמייכעלע.

די קינדער האָבן זיך אויך צו אים צוגעוואוינט. יעדער

קינד גייט צו און דערלאנגט זיין הענטעלע: „העלאו, קאמראד סמיט!" דערפילט ער זיך ווי א זיידע. ער גלעט די קינדער איבער די קעפעלעך און שמייכלט.

און טאבאק אין ליולקע איז שוין אויך דא. א גלעזעלע קאווע קריגט ער אפט, און דאפקע מיט א צוביים. ער איז געווארן צוריק א לעבעדיקער מענטש. ער גייט אום מיט א ווייסער כאווערטע פארשפרייטן צייטונגען און בלעטלעך. אכט נייע שווארצע כאווירים האט ער אריינגעבראכט אין דער פארטיי. און צוויי, דריי מאל א וואך, ווען זיין פארטיי שטעלט אוועק לייטערלעך אויף ראגן און יונגע כאווירימלעך שטעלן זיך ארויף און פאכען מיט די הענט און רעדן און רעדן, מאכט סמיט טויזנט האקאפעס ארום די מענטשן, וואס זאמלען זיך ארום, דערלאנגט זיי בלעטלעך, פאפירלעך און דערציילט זיי, ווי אזוי ער איז אמאל אויך אזוי פארביינעגאנגען און נית פארשטאנען, וואס מען רעדט. אבער איצט איז ער א מיטגליד. און ווען ער זאגט דאס ארויס, ברענט א פייערל אין זיינע אויגן. א זיסער שמייכל צעלייגט זיך אויף זיינע ליפן. ער איז אינגאנצן א נייער. ער איז א מיטגליד.

גלויבט מען אים און מען פארשרייבט זיך. און דער אכט־און־פערציקער סמיט ווערט יונג און רירעוודיק און פריידט זיך, ווי א קינד מיט זיסע זאכן: „כאווירים, נאך איינעם אריינגענומען!"

.5

ס'איז געווען דער זעקסטער מארט פון ניינצן דרייסיק. העכער הונדערט טויזנט ארבעטער פון דעטרויט זיינען ארויס אויף די גאסן פאדערן ארבעט אדער סכירעס. טויזנטער פאליסלייט שטייען און היטן דעם הערשער קלאס. סמיט גייט ארום מיט א שמייכעלע, רויכערט פון זיין ליולקע און גלעט א וואנצע. ער גיט אלעמאל א טאפ זיין קאלנער צי ער האט פארצויגן צו שטארק דעם שניפס, צי דער קאלנער איז צו שמאל, צי די דעמאנסטראציע איז צו גרויס. אין דער פארטיי האט מען געזאגט און אויסגערעכנט: „צוואנציק, דרייסיק טויזנט". אז מען וועט גוט צעשפרייטן די רויטע בלעטלעך, וועלן עפשער קומען פופציק טויזנט.

איז ער אַרומגעלאָפֿן איבער די נעגערשע געסלעך און געקלעפּט און צעטיילט בלעטלעך. זיינען זיי דאָך דאָ, די שוואַרצע ברי־דערלעך. שמייכלט ער. יאַנטעוו.

און מיטאַמאָל — אַ טומל. אַ הורא. כאַווײַרים האָבן אויפֿ־געהויבן אַ פּלאַקאַט. די פּאָליציי איז געוואָרן ווילד. די רייטער לאָזן זיך אויף די טראָטוארן. שוואַרצע שטעקעלעך פֿליען אין דער לופֿטן און אַט גיט עפּעס אַ טראַך אויף סמיטן, אַ גאַנצער טויער. עס ווערט אים טונקל אין די אויגן. אַ רויטן קלעפּיקן ליילעך האָט מען פֿאַרשפּרייט פֿאַר זיינע אויגן. מען טאַסקעט אים ער־געץ: „גוט־ביי, סמיט!" שעפּטשעט ער שטיל. די ליולקע פֿאַר־לוירן, דעם קאַפּעליוש פֿאַרלוירן. מען לייגט אים אַוועק אויף אַ בעט. ס'איז שטיל. ניטאָ קיינער. „כאַווײַרים!" מען ענט־פֿערט ניט.

.6

אינדערפֿרי האָט ער געעפֿנט די אויגן. באַגעגנט די זון שטראַלן. האָט ער זיך צעשמייכלט. ער ליגט אין אַ ווייס בעט. נאָך קיינמאָל אויף זיין לעבן ניט געלעגן אין אַזאַ בעט. „דאָס איז מיסטאַמע דער האָספּיטאַל," טראַכט ער און דערפֿילט אַ ווייטיק אויפֿן לינקן בּרעג פֿון זיין שטערן. ער טוט אַ טאַפּ: עס איז פֿאַרקלעפּט. בע, ניט געפֿערלעך. עס וועט זיך אויסהיילן. ער זוכט די ליולקע. ניטאָ. שלעכט. אַ באַרמהערציקע שוועסטער קומט צו. דערלאַנגט אַ גלאָז מילך און הייסט אים באַלד נאָכן אויסטרינקען זיך אָנטאָן. זי איז בייז. קוקט אויף אים מיט פֿאַר־אַכטונג. פֿאַרשטייט ניט סמיט, וואָס זי איז ברויגעס אויף אים. ער האָט אַפּילע אַ טראַכט געטאָן, צי זאָל ער טרינקען, צי ניט. נאָר אַזוי ווי הונגעריק איז ער געווען און דער שפּיטאָל מיטן בעט מיט דער מילך זיינען דאָך אַ טייל פֿון זיין פֿאַרמעגן, האָט ער עס אין דער ערד. ער האָט עס אַריינגעגאָסן שנעל, ווי אַ גלעזעלע בראָנפֿן אין די צייטן ווען ער האָט געאַרבעט און זיך אויף שנעל גענומען אָנטאָן. ער וועט באַלד אַוועק אין צענטער, האָט ער געטראַכט, וועט ער הערן נייס.

נאָר אַז ער האָט פאַרשפּיליעט דאָס לעצטע קנעפּל, דאָס פּערלמוטערנע קנעפּל פון זיין אָפּגעריבענעם פּליושענעם רעקל, האָט זיך אריינגערוקט אַ פּאָליסמאַן. זייער אַ הויכער און אַ פעטער נאָך דערצו. ער האָט געדרייט מיט דעם שטעקעלע און באַפוילן: „העי, מאַך דאָס שנעלער, איך האָב קיין צייט ניט.“

פריער האָט סמיט ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, וואָס ער מיינט. האָט ער אָפּגעלאָזט דאָס קנעפּל ניט אינגאַנצן איינגע־שפּיליעט און אויסגעשטעלט אַ פּאָר גרויסע אויגן: „וואָה יו מין?“

דער פּאָליסמאַן האָט זיך צעשמייכלט און אים אָנגעוויזן אויף זיין שטערן: „דו, רעד ניט קיין סאַך, אַז ניט וועל איך דיר פאַרפּוצן דעם צווייטן ברעג שטערן.“

איז שוין סמיט אוועק מיט אַ שאָקל: „ער פאַרשטייט.“

.7

אין געריכט איז טומלדיק, מען שטייט קאָפּ אויף קאָפּ. ער דערקענט פון דערווייטנס באַקאַנטע פּנעמער. מיט אים אויף דער לאַנגער באַנק זיצן נאָך כאַווירים. עס ווערט שטיל. דער ריכטער גייט. סמיט איז פאַרטראַכט. ער ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן דעם ריכטער. ער וועט דאָך אים מיסטאַמע עפּעס פרעגן.

אַ מאַן מיט אַ גרויסער לעוואָנע אויפן קאָפּ פרעגט:

„סמיט, וואו ביסטו געבוירן געוואָרן?“

סמיט קראַצט זיך אין קאָפּ. אַ מאָדנע פראַגע.

„איך ווייס ניט גענוי, אין ווירדזשיניע אָדער נאָרט קאַראָ־ליינע. איין זיידע האָט דערציילט, אַז איך קום גאָר פון אַפריקע.“

עס באַמערקט זיך אַ שמייכל. דער פרעגער ווערט בייזער:

„ענטפער גענוי אויף יעדער פראַגע. דו ביסט אין געריכט. האָסט אַ פרוי און קינדער?“

„איך האָב ערגעץ אַ פרוי מיט קינדער. איך ווייס ניט וואו זיי זיינען. צו וואָס דאַרפן זיי אַ מאַן און פאָטער וואָס פאַר־דינט ניט?“

„צו וואָס ביסטו געקומען צום סיטי האָל, ווער האָט דיך געשיקט?“

„איך בין געקומען קויפן געזאַלצענע ניסלעך. מיטאַמאָל

האָב איך דערזען אַזוי פיל מענטשן. האָב איך זיך אויך אַרומ־געדרייט. איז אַרויף אויף מיר אַ פערד מיט אַ פּאָליסמאַן און מיר צעקלאַפּט מיין שטערן. פאַרוואָס ווייס איך ניט.״

ווידער שמייכלט מען.

דער ריכטער גיט אַ מאַך מיט דער האַנט און מען באַפרייט אים.

.8

און איצט־אָ גייט סמיט אַרום מיט אַ צייכן אויפן שטערן, יעדן ווייזט ער דעם צייכן. דערציילט יעדן די גאַנצע געשיכטע. און ווען ער ענדיקט, פאַרבייסט ער די ליפּן און וויקלט צענויף די האַרטע פינגער פון זיין רעכטן פויסט: „צום צווייטן מאָל וועט שוין זיין אַנדערש. אויף דער צווייטער דעמאָנסטראַציע וועט מען מיך שוין אַרעסטירן פאַר עפּעס. איך וועל שוין וויסן וואָס צו ענטפערן אין געריכט.״

אויפן אָרט פון זיין קאַפּעליוש האָט ער ערגעץ געקראָגן אַ היטעלע, אַ גרוי ווייך היטעלע מיט אַ לאַנגן דאַשיק. און ער האַלט אין איין דרייען מיטן דעם דאַשיק. עפּעס איז באַ אים אומרואיקער געוואָרן אונטערן היטעלע. אויפן אָרט פון זיין שוואַרצער ליולקע האָט ער געקראָגן ערגעץ אַ ברוינע, נענטער צום קאָליר פון זיין רעקל. ער שמייכלט איצט ווייניקער. ער גייט אַרום פאַרטראַכט, ערנסט. ער נעמט שוין אַ וואָרט באַם מיטינג. ער לייענט, פרעגט פראַגן, און ווען ער איז אין אַ לעבעדיקער שטימונג צעשמייכלט ער זיך, ווייזט זיין צייכן אויפן שטערן, ציט האַסטיקער פון דער ליולקע און דרייט מיטן דאַשיק: „יעדער וואָס וויל ווערן אַ גוטער כאַווער, זאָל זיך זען איינשאַפן אַזאַ צייכן״. און דערביי צעגליט זיך אַ פייערל אין זיינע אויגן. אַ ניי מין פייערל, וואָס רייצט.

# קאַמראַד באַשקאַ

.1

ווי אַ הונגעריקע טויב, וואָס זוכט שטיל איר שפּייז מיטן שנאָבל, אַזוי גייט זי אַרום מיט גרינגע טריט אין אָנגעוואָרפענעם צימער פון דיסטריקט אָפּיס. זי קלייבט צונויף פּאַפּירלעך, קערט צונויף שטויב, וואָס אונדזערע כאַווייִרים מאַכן אָן. אַז אַ כאַווער נעמט אַ ביכל, אַ צייטונג, וועט ער קיינמאָל ניט לייגן אויפן זעלבן פּלאַץ. אַוועקגעוואָרפן — און שוין ניטאָ. גייט זי שוין צו און לייגט אַוועק אויפן ריכטיקן אָרט.

דערפאַר טאָקע קומען זיך אַלע צו איר בעטן: „קאַמראַד באַשקאַ, וואו ליגט דער צושריפט פון צע. קאַ.?" „קאַמראַד באַשקאַ, האָט איר עפּשער די קליינע טשוועקעלעך?" און כאַווערטע באַשקאַ ענטפערט מיט אַ שמייכל און דערלאַנגט. זי ווייסט וואו יעדע זאַך ליגט. זי שווייגט. אין די ערשטע טעג פלעגט זי די כאַווייִרים שטראָפן פאַר ניט־פּינקטלעכקייט, נאָר קיינער האָט זי סיי ווי ניט געהערט. דער די.־אָ. (דיסטריקט אָרגאַניזירער) אַליין האָט איר אַמאָל געזאָגט, אַז זי וועט מוזן וואַרטן מיט איר רואיקייט און פּינקטלעכקייט ביז נאָך דער רעוואָלוציע. וואַרט זי.

.2

כאַווערטע באַשקאַ איז דיסטריקט ליטעראַטור אַגענט. ווען זי האָט אַביסעלע פרייע צייט אין אָפּיס, עפנט זי אַ ביכל און לייענט. זי מוז דאָך אַלץ איבערלייענען, און דאָס איבעריקע לייענט זי באַנאַכט. אָפּטמאָל קומט זי מיט רויטע אויגן אין אָפּיס. ווייסן שוין כאַווייִרים, אַז קאַמראַד באַשקאַ האָט שוין איבער־געלייענט די לעצטע בראָשורן, וואָס די פּאַרטיי האָט אַרויסגע־געבן. מען פרעגט זי גלייך אויס. זעצט זי זיך אַוועק אויפן שפּיץ טיש און גיט איבער די כאַווייִרים דעם אינהאַלט.

כּאוועדטע באַשקאַ באַדויערט, וואָס כּאוויירים לייענען ניט. אונדזערע כּאוויירים וועלן אַפּילע גיין טרינקען וויין, אַ הוליע טאָן, אַדער זיך, אויף שפּאַס, אַוועקלאָזן אין אַ ביליקער מואווי — און קיין ביכל אין האַנט ניט נעמען. ווי אַזוי זשע קען אַ קאָמוניסט זיין אַ פירער, אַז ער לייענט ניט? צום אַנהויב פלעגט זי גאַנץ אָפט אויפהויבן די פראַגע, נאָר איצט רעדט זי זעלטע־נער. דער כּאוועד אַגיטפּראָפּ האָט איר דערקלערט, אַז די צייט איז אַזאַ אָנגעדראָדלטע. מיר האַלטן אין איין לויפן. טעג פון אומרו. מיר גרייטן צו די רעוואָלוציע. איז ניטאָ קיין צייט און קיין געדולד צו לייענען. אָט לאָמיר נאָר מאַכן די רעוואָלוציע!... וועט זי.

.3

און עס קען זיין דערפאַר טאַקע, וואָס זי ווייסט, אַז זי האָט אַ פּאָר גלי־אויגן און צוויי שווארצע צעפּ. און אַז זי קוקט — עגבערט זי און האַלט אָפּ אַ סאַך פון וויכטיקער אַרבעט. זיי בלייבן שטיין און ריידן מיט איר נארישקייטן. טרייבט זי פון זיך. קימאַט אַלע כּאוויירים זיינען אין איר פאַרליבט, און זי שמייכלט, קעמט די לאַנגע האָר, בויערט מיט די בליקן און טראָגט ציכטיקע קליידער.

אַמאָל ווייסט מען ניט פון וואַנען זי לעבט. עפּעס זאָגט מען, אַז זי האָט אַ ברודער, האָט דער ברודער אַ געשעפט, און דערפאַר טאַקע האָט זי אים זייער פיינט. נאָר ער האָט זי זייער ליב, גיט ער איר געלט אויף וואָס זי דאַרף. קיין סאַך דאַרף זי דאָך ניט. ווען זי האָט נאָר מיט וואָס, וואָלט זי גראַדע יעדן געהאָלפן, נאָר זי האָט ניט.

— לילי, דיינע זאַכן זיינען דאָך צעריסן אויף שטיק־שטיק־לעך! — און געזאָגט האָט עס באַשקאַ מיט אַזאַ טאָן, און אויס־געשטעלט האָט זי אַזאַ פּאָר אויגן, גלייך ווי דער ערשטער מיי איז שוין אויפן שפּיץ נאָז און לילי האָט נאָך ניט פאַרטיק קיין אויפרוף צו דער יוגנט.

לילי, די אָנפירערין פון דער יוגנט, איז געבליבן שטיין אַ פאַרציטערטע. זי האָט ניט אָנגעהויבן פאַרשטיין וואָס באַשקאַ

רעדט. נאָר באַלד האָט זי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און זיך גענומען קלאַפּן אויף דער שרייב־מאַשינקע, שנעל, שנעל:

„בריוו נומער — — — —

„די ליג שלאָפט — — — —

„אריינציען נעגערס — — — —

„דעמאָנסטרירן קעגן — — — —"

נאָר באַשקאַ איז שוין דאָ צוריק פון גאַס, עפּנט אַ פּאַפּיר־בייטל און גלייך צו לילין: „זאָלסט מיר גלייך אָנטאָן די זאָקן, געהערט? אַ פּירער וויל עס זיין!" ערשט איצט האָט זיך לילי צעלאַכט אויפן קאָל, מיט איר גלעקעלע. וואָס באַשקאָן פעלט איין, גאָר נייע זאָקן. נאָר באַשקאַ איז געשטאַנען מיט אָנגע־צילעוועטע פיילן אין די אויגן. האָט לילי אַראָפּגעכאַפּט די שיך, די צעפּליקטע זאָקן און וויל שוין אָנטאָן די נייע. אַז באַשקאַ גיט זי אַ כאַפּ באַ די הענט: „זאָלסט שוין וואַשן די פיס!" און באַשקאַ איז געזונט, ווי אַ רויטאַרמייער.

האָט זיך פריער לילי געבעטן: „איך האָב קיין צייט ניט, איך וועל באַנאַכט נעמען אַ באָד." האָט באַשקאַ זי אָנגענומען און אַרויסגעוואָרפן פון צימער.

ווען לילי איז אריין צוריק אָן אָפּגעוואַשענע מיט די נייע זאָקן, האָט באַשקאַ זי אָנגענומען מיטביידע הענט באַם קאָפּ, איר געקושט דעם שטערן.

## .4

— קאַמראַד באַשקאַ, קאַמראַד באַשקאַ! שנעלער! — איז סמיט, אַן עלטערער נעגער־כאַווער אריין אַ פאַרשוויצטער.

באַשקאַ איז צו מיט איר שמייכעלע.

— דריי נייעסן, הער קאַמראַד באַשקאַ, היינט פאַרקויפט מיט זעקס און דרייסיק מער „דעילים" ווי נעכטן. נייע כאַוויירים קומען צו. פאַרשטייסט. און, צווייטנס, האָט זיך באַ מיר ווידער אָפּגעריסן דאָס קנעפּל פון רעקל. בלאָזט עס אריין, צום טייוול, ווערט קאַלט.

שטייט שוין טאַקע באַשקאַ מיט איין פוס אויפן בענקל — דער זיץ — אויפן שפּיץ טיש, נייט צו שטאַרק דאָס קנעפּל און

כאַוועד סמיט דערציילט:

— זאָג איך — אַרבעטסט, ברודערל?

— מאַכט ער — ניין.

— פרעג איך אים — פאַרוואָס?

— ענטפערט ער — ניטאָ קיין אַרבעט.

— אַזוי — זאָג איך אים, — ביסט קלוג, זאָג זשע פאַרוואָס? וואָרעם שטעקט ער אַרויס אַ צונג.

— נאַ, — זאָג איך — ברודערל, לייען אונדזער צייטונג!

און סמיט דערציילט מייסעס ווי אַזוי ער קריגט אַריין נייע לייענער פאַר דער קאָמפּרעסע....

— אוי, מעשוגענע קאָפּ, — דערלאַנגט זיך סמיט אַ זעץ. — און וועגן נייעם פּאָרל אינגאַנצן פאַרגעסן.

— וואָסער פּאָרל? — פרעגט באַשקאַ מיט אַ שמייכל.

— מיין דזשאָן און העלען. איך קום נעכטן אַריין צו מיין ברודער, טרעף איך כאַווערטע העלען. אַ וואָרט אַהין, אַ וואָרט אַהער, אויף אַ מינוט האָב איך זיך ניט געוואָלט גלויבן. טאַקע אַ קאָמוניסטקע — אָבער אַ שוואַרצן, אַ נעגער. די גאַנצע נאַס קלינגט. געהערט, אַ ווייסע מיט אַ שוואַרצן.

און סמיט דערציילט עס ווי אַזוי ער רעדט עס היינט מיט זיינע ברידערלעך:

— וואָס, איר ווילט זיך ניט גלויבן, אַז די קאָמוניסטן מיינען עס ערנסט — אָט העלען מיט מיין דזשאָנען.

באַשקאַ שמייכלט. זי נייט אים נאָך אַליץ דאָס קנעפּל. זי האָט ליב צו הערן ווי סמיט דערציילט.

.5

באַשקאַ האָט עטלעכע מאָל איבערגעטראַכט וועגן העלענס און דזשאָנס צוזאַמענלעבן. נאָר סיי־ווי־סיי פריידט עס זי. עס דערנעענטערט די מאַסן, און זי וואַרט דאָך אויף יענעם טאָג ווען אַלע... עמעס, זי וועט עס עפּשער ניט דערלעבן — וועלן אַנדערע... קעמפט זי דערפאַר.

זי קעמפט. עס איז איר טאַקע אַ וואונדער.

טאַטע — אַוועק קיין אַמעריקע. מאַמע — געשטאָרבן. און

זי, די עלטסטע — פירט אָן מיט די דריי קלענערע... בירגנער־קריג... הונגער... דייטשן און פוילישע... וואָס זיי ווילן, ווייסט זי ניט... אוועק מיט א שוועסטערל אין שטאָט נאָך שפּייז... מען הונגערט אין אוקראַינע...

— אין שטאָט — א מומע. אוי א מומע. זי האָט ראַכמאָ־נעס אויף יעסוימעס, און אויף באַשקאַן מיטן שוועסטערל...

ווי אומעטיק אין יעסוימעס־הויז. צום שטאַרבן. א טאָג — א יאָר... טורמע־לעבן... איז פאַרטאָג ארויס דורכן פענצטער... שוועסטערל האָט מוירע... א וועג איז דאָ, מען דאַרף נאָר זוכן...

גאַנץ פרי אויפן מאַרק דעם פעטער באַגעגנט:

— וואוהין, קינדער, אַזוי פרי?

— א שפּאַציר... דערלויבעניש...

אין זייער היים, אין דאָרף, זיינען טאַקע די צוויי קליינינקע געשוואָלענע פון הונגער... א גליק וואָס אַלע פיר זיינען קראַנק געוואָרן... דאָס גאַנצע דאָרף צעלאָפן... און צו זיי אין הויז קיין איין פּאַליאַק ניט אריין... זיי האָבן מוירע... זיי איז גוט... זיי זיינען קראַנק...

און שוין אָנגעקומען קיין אמעריקע... דער טאַטע, דער ברודער — פרעמדע. איז טאַקע א וואונדער ווי זי איז אריין אין דער באַוועגונג...

6.

— איז וואָס, קאַמראַד באַשקאַ, זיך פאַרטראַכט, וואו איז דער צושריפט?

צעשמייכלט זיך כאַווערטע באַשקאַ און דערלאַנגט. זי ווייסט וואו אַלעס ליגט.

...זי גייט נאָך יעדן כאַווער און רייניקט, און שטיל ווי א טויב. טוט זי די אַרבעט און שווייגט, און וואַרט...

זי שמייכלט. פּלייצעס און הענט ווערן באַ אונדז מער... א גוטן שטויס...

און קומען וועט דער טאָג!...

וואַרט זי און קעמפט מיט א שמייכל!

# פון אונדזערע טעג

.1

ער — פינפנצוואנציק. זי — דרייַנצוואנציק. זיין לייב — א שטיק שאָקאָלאַד. די זון האָט עס אָפּגעמאָלט. א פּאָר שוואַרצע באָד־הייזלעך, מער דאַרף ער ניט אַף זיך. ער פאַרמאָגט א פּאָר פייערדיקע אויגן און א קאָפּ בלאָנדע האָר. איז וואָס זשע פעלט אים, איז ער זיך שטענדיק פריילעך.

זי טראָגט גראָדע א גאַנצן באָד־קאָסטיום. נאָר פונדעסטוועגן זעט מען, אַז איר לייב איז ווייס און ווייך. זי איז ערשט אראָפּגעקומען אין קעמפּ. די זון האָט זי נאָך ניט גענומען אין די הענט אריין. די בלויע אויגן און די ליפּן קוקן מיט א שמייכל אויף יעדן איינעם.

— איז וואָס זשע טראַכט איר כּאָווערטע, מיר נעמען א שיפל ? — האָט ער זיך זיכער ארויסגעזאָגט.

— אוואדע נעמען מיר — האָט זי אים אָפּגעגאָסן מיט וואַרעמע בליקן.

זיינען זיי אריינגעשפּרונגען אין שיפל, אַז עס האָט זיך אַזש געטרייסלט פאַר מוירע. און מען איז אוועק איבערן סילווערן טייך.

— אויף לאַנג אין קעמפּ געקומען ? — האָט ער זי גלייך גענומען אויספרעגן.

— אויף צען טעג.
— פון שאַפּ?
— וואָס דען?
— אין פּאַרטיי?
— נאָך א מין.
— אייער נאָמען?
— זאָל זיין פּערל.
— זאָל זיין פּערל, ווען ארט עס?

האָט מען זיך צעזונגען. זיי האָבן גראָדע ניט קיין שלעכטע שטימעס.ביידע זינגער פון „פרייהייט געזאַנג פאַראיין", און מען האָט זיך צעשמועסט אויף וואָס די וועלט שטייט. נאָר ווען זיי זיינען צוגעשוואומען צום ברעג, צו א שטילן ברעג, פאַרשטייט זיך, האָט ער זי אָנגעכאַפּט באַם קאָפּ, זי אָנגעבויגן צו זיך און אויסגעקושט דעם שטערן, די אויגן, די באַקן און די ליפּן.

איז צוריק האָבן זיי זיך געשיפט זייער שטיל. פּערל האָט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און די אויגן און איר גאַנץ לעבן. און ער, דערוויי, ווייסט זי נאָך ניט זיין נאָמען. ער איז אויך געווען פאַרטראַכט אַביסל. די רידער האָט ער געפירט פויל און אַלצאיינסדיק.

.2

אויפן צווייטן טאָג האָט שוין לייבל געוואַרט לעבן א בוים מיט א שטעקן און א „קאָמוניסט" און א „פרייהייט" און א „דעילי" און סיגאַרעטלעך און קענדי. זי איז טאַקע באַלד אָנגעקומען און געטראָגן א שמייכל מיט מאַקסים גאָרקיס „מוטער".

זיי זיינען אוועק צום ברעג. און מיטן ברעג האָט מען געזוכט דורך שטעגן און וועגן א רואיק אָרט. האָט מען עס טאַקע באַלד אויפגעזוכט. מען האָט א לייען געטאָן די צייטונגען, אַן אַרטיקעלע אין זשורנאַל, דורכגעלופטערט גאָרקין און שוין.

ער איז א קינצלער אין קושעניש. ער באַוועגט זי מיט זיינע הענט אזוי איידל, אז זי האָט גאָר קיין הארץ ניט צו ווערן זיך. יעדער קוש — א זייד־גלעט. יעדער קוק — א שטראַל.

— איז די וויפלטע בין איך באַ דיר, לייבל?

— פרעג איך בא דיר, פערל?

— אַנטשולדיק, לייבל, פאַראַן נאָך „רעכטע אָפּנויגן" — און זי כאַפּט אים אַרום און קושט היים.

דערנאָך האָבן זיי געשווינן עטלעכע מינוט. בלויז הערצער האָבן זיך געהוידעט און פיס האָבן זיך געטרייסלט.

— איצט וועלן מיר אַריין אין וואַסער, זיך אָפּקילן. — באַלד צום מיטינג.

— די זינד אָפּשווענקען? — האָט זי אַ בליץ געטאָן.

— אויב דו ביסט זינדיק, שווענק זיך, איך נים.

— פאַר קיין גרויסן העלד דאַרפסטו זיך נים האַלטן. קענסט שווימען?

— מירן זען.

מען האָט זיך אַריינגעקוקט טיף אין די אויגן. זיך צעקושט און אַריין אין וואַסער. ער האָט זיך געטראָגן ווי אַ פיש און זי — נאָך אים געיאָגט. מען האָט נעשטיפט און געלאַכט און פריילעך פאַרבראַכט.

און אויפדערנאַכט, צום פּאַרטיי מיטינג האָט מען אים דער־ווײלט אַלס פאַרזיצער, און זי האָט אים נאָר געוואָלט קוקן אין די אויגן. אָבער עס האָט נים געהאָלפן. ער האָט געפירט דעם מיטינג סאָליד און אין פולער אָרדנונג. און וועגן דער פּרעסע האָט ער וואָס צו זאָגן, און וועגן די אַרבעטער אין קעמפּ האָט ער וואָס צו זאָגן. נאָר זי פרעגט אַלעמאָל אַ פראַגע. דאָס פאַר־דריסט אים שוין. האָט ער זי גלייך דורכגעשאָסן: „דו כאַווער־טע, ביסט היינט ערשט געקומען, אַ געסטעלע, דריי זשע נים קיין מויעך מיט קיין פראַגן, מיר האָבן נים קיין איבעריקע צייט." האָט זי פאַרקירעוועט דעם קאָפּ און זיך צעשמייכלט.

און נאָכן מיטינג, ווען ער האָט זי געפירט אין באַנגעלאָ, האָט ער איר טאַקע געזאָגט, אַז זי וועט אים נאָך אַמאָל שיסן מיט בליקן אויף אַ מיטינג, וועט ער זי אַרויסשיקן און שוין. וואָס איז דאָס פאַר אַן אַרבעט פון אַ קאָמוניסטקע?

## .3

דער דריטער טאָג איז עפּעס געווען צו אַ פרייער. קיין איין

מיטינג ניט. קיין ארבעט ניט. האָט ער זיך אוועקגעלייגט דורכ־שטודירן די טעזיסן. כאָטש עס פאַרדריסט אים אויף די פירנדע. שוין געדאַרפט פאַרשטיין, אַז אַן ארבעטער קען ניט לייענען קיין גאַנצע מעגילעס, אָבער איי ווערטער, עס רינט האָניק. זיי קענען די מעלאָכע, אונדזערע געדווילים.

נאָר מיטאַמאָל, פּערל איז דאָ.

— וואָס, זיך פאַרביינקט?

— איז וואָס, מען טאָר עפּשער ניט?

— קיין סאַך ביינקען טאָר מען ניט.

— נו, קום זשע זיך שיפן.

איז מען אוועק. דער טייך איז געלעגן אַ רואיקער. די קינ־דער פון קעמפּ זיינען געווען אין די באַנגעלעך. די לערער — מיט זיי. האָט דער טייך געביינקט. איצט האָט פּערל געשיפט און לייבל האָט געלייענט. יעדער שווער וואָרט האָט ער דער־קלערט. זי האָט זיך אפילע ניט געגוויטיקט אין אַזוי פיל אויס־טייטשונג, נאָר זיינע ווערטער זיינען סיי ווי געווען שיין, מען זאָל זיי אָפּשטעלן. און ער האָט טאַקע האַנאָע געהאַט, וואָס ער האָט וועמען צו לערנען.

מיטאַמאָל איז דאָס שיפל געבליבן שטיין. פּערל האָט אָפּ־געלאָזט די רידער. ערשט איצט האָט לייבל דערזען, אַז זי האָט פאַרפירט: עס איז אַ ווינקל פון ווינקעלעך, בוימער אַרום, גראָזן און בלעטער און בלומען, נאָר ווי אַן אויסשטעלונג. האָט ער שוין טאַקע אוועקגעלייגט די פּאַפּירן און גענומען די אויגן אין די הענט אַריין. ער האָט גאָר קיינמאָל קיין צייט ניט געהאַט צו זוכן אַזעלכע פאַרגעניגנס. ער לייגט עס אַלץ אָפּ אויף שפּעטער, נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

נאָר פּערל איז אַרוים מיט די באָרוויסע פיס, געקוקט און געקוקט און זיך אָפּגעשטעלט. און לייבל קוקט עס אויף טשיקאַ־וועס, וואָס קען זי וועלן טאָן. הער אַ מייסע? — זי האָט אָפּגע־ריסן דריי בלעטלעך, — זיי צונויפגעלייגט און צוריק אַריין אין שיפל.

האָט ער עס אויסגעשאָסן אַ געלעכטער, אַז עס האָט זיך אַזש צעקלונגען איבער אַלע קעמפּס אַרום. פּערל איז בלאַס גע־וואָרן. זי האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס מיינט מען די דריי

בלעטלעך, האָט זי אויף זיי אַ בליק געוואָרפן.

— איז וואָס, אַ פאַרברעכן?

— ניין, אַ נאַרישקייט. אינטעליגענטישע שטיק. פאַרבליבן אין די ביינדעלעך.

זי האָט שוין מער ניט גערעדט. אַ שמייז געטאָן די בלעט־לעך און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

איז אַוועק אַ שטונדע מיט דערקלערונגען און באַווייזן און אַ וועלט מיט ביישפּילן, און דער סאָף — זי טאָר גאָר ניט זיין ברוגעס אויף, ניטאָ קיין צייט אויף אַזעלכע זאַכן. ענדלעך האָט זי זיך צעשמייכלט און געבעטן קיינעם ניט אויסזאָגן.

— מוירע — פאַר קיינעם ניט. אַ טאָעס — גלייך פאַר־ריכט. מיר לערנען זיך אויף טאָעסן.

צוריק האָט ער געשיפט. אַ פרייד אַ גרויסע האָט גערוט אויף זיין פּאָנעם. פאַרנאַכט האָט ער געטאַנצט מיט פערלען. די קאַסינאָ איז געגאַנגען כאָדאָראָם. עס איז דאָך אַזוי גוט צו לעבן.

4.

אַ גאַנצן טאָג האָט זיך די זון געשפּילט מיטן קעמפּ. זי איז אַרויס, זיך אַוועקגעזעצט אויף די ביימער, צעוואָרפן עטלעכע שטראַלן און אַנטלאָפן, איז געוואָרן קיל. אַ ווינטל איז אַרויס פון טייך און געבלאָזן און געהוידלט די צווייגן. האָט מען ניט גע־וואוסט וואָס צו טאָן, יאָ באָדן, ניט באָדן, יאָ שיפן, ניט שיפן. די קינדער זיינען געגאַנגען אָנגעטאָן האַלב ווינטערדיק, האַלב זומערדיק. די געסט זיינען געשלאָפן און וועווריקלעך זיינען אַרומגעלאָפן פון בוים צו בוים צו דערציילן נייעס.

נאָר לייבל מיט פערלען האָבן זיך גאָרניט אומגעקוקט, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. זיי זיינען אַריין אין אַ שיפל און אַוועק צום צווייטן ברעג. אויף יענער זייט טייך געפינט זיך אַ קעמפּ. אין יענעם קעמפּ פעלט אַביסל גראָז, אַביסל ביימער און אַביסל קלאַסן־באַוואוסטזיין. האָבן זיי אַריבערגעבראַכט אַזעל־כע בלעטלעך, פון וועלכע מען לערנט זיך אויס צו זיין אַ קעמפער. ווייל די אויסיעס זיינען רויט און די ווערטער זיינען שטאַרק און זיי רופן יעדן אַרבעטער איינצופירן אַ סאָוועטן־אַמעריקע. האָבן

זיי אויף יעדן בעט אוועקגעלייגט אזא בלעטעלע. ווען יענער וועט זיך אוועקלייגן, זאָל אים אָנהויבן בריען, וועט ער ווערן א מענטש.

און זיי זיינען זיך אוועק.

האָט זיך די זון גראָד אוועקגעשטעלט אויף גוט. און זי גייט מער ניט פון דאַנען. אזא מייסע. קען מען זיך נאָך אביסל שיפן. האָט מען זיך אוועקגעזעצט בעשוטפעס אויפן פירער־פּלאַץ און מען האָט זיך געשפּילט מיט די רידער.

— א פיין שטיקל אַרבעט. שנעל און גוט.

— עס איז דאָך א שפּיל. גיין צו די טויערן פון א פאַבריק און אויסטיילן אויפרופן איז אַן אייסעק. אָבער דאָ, וואָס? — און ווען זיי כאַפּן אונדז, שטעקט מען זיי ארויס א צונג און פאַרטיק.

— זיי וואָלטן ניט געלאָזט, די געלע קעצלעך, זיי וואָלטן צוגענומען די בלעטלעך, און גיי דרוק אַנדערע. עפּעס אזוי קריגסטו די גראָשנס אויף פּאַפּיר און דרוק?

— זע נאָר, לייבל, פיש־שיסעלעך אויפן גרונד, מען מעג דאָס אויפהויבן?

לייבל האָט זיך פריער צעשמייכלט. נאָר גענוי וואָס לייבל שמייכלט, האָט נאָך פּערל ניט געוואוסט: צי פון דעם, וואָס זי איז אינמיטן אזא שמועס גאָר אריין מיט פיש־שיסעלעך, צי דערפאַר וואָס זי פרעגט זיך בא אים אַן א קאָמוניסטישן דין. נאָכן שמייכל האָט ער א פּאָר קוק געוואָרפן אויף די שיסעלעך און ענדלעך באוויליקט: „מען קען זיי נוצן פאַר אַש־שיסעלעך.“

— און אַז איך וועל זיך וועלן דערמאָנען אין לייבלען, ווען איך וועל קוקן אויף אזא שיסעלע, מעג איך?

— וואָס, וואָס, פּערל, נאָר ניט געקיבעצט, אַז ניט וועל איך געבן צוריק.

זיי זיינען ביידע אריין אין וואַסער און ארויסגענומען דאָס פּערלדיקע טויטע קערפּערל. ער האָט עס צענומען אויף צוויי, ווי מען עפנט צוויי טירעלעך און זיך צעטיילט. זיי האָבן אויסגערייניקט די בלאָטע וואָס האָט זיך דאָרט אָנגעקליבן און זיי געלייגט אויסטריקענען.

זיי האָבן ביידע פאַררויכערט און ארייגעטרייסלט דאָס אַש

אין די נייע מאַטאַנעס פון סילוויען טייך. דאָס שיפל האָט זיך געדרייט וואוהין עס האָט זיך געוואָלט. און פישעלעך אין וואסער האָבן געכאַפּט שמייכלען, וואָס זיינען געפאַלן אזוי פיל.

### 5.

אַריינגעוואָרפן דעם פרישטיק, איז מען אַרויס פון עס־צימער מיט אַלע געסט, ווי געסט, לייבלס נאָז האָט אַרויסגעשטעקט און פערלס — האָט אַראָפּגעשטעקט. נאָר ביידע זיינען געווען אזוי אָנגעדראָדלט פיין, א צי — און עס וועט אַרויספליען א טויזנט הייסע ווערטער.

דערוויילעמ שטייען ביידע לעבן גאַניקל, מען בלאָזט העלדיש רויך. ער ברומקעט אונטער:

נײַן און נײַן, נײַן און נײַן,<br>קאָמונאַר וועט ניט גיין...

און זי שמייכלט, גלייך ווי עס אַרט זי ניט:

פּאַראַוס איבער זוניקע יאַמען,<br>צום ברודער אין פעלד און זאַוואָד...

זייער גליק, וואָס דער דירינענט פון קעמפּ איז אַרויס, זיי ביידע אָנגעכאַפּט און געשלעפּט: „סעי, כעוורע, איר נעמט א שלעכטן טאָן!“ האָבן זיך ביידע צעלאַכט, האָט זיך דער דירי־גענט בוצים באַליידיקט און אוועק. נאָר לייב האָט גלייך געלאָזט וויסן: „ער איז גערעכט, דער כאַוועער דירינענט, דיין טאָן איז א שלעכטער.“

— דו מיינסט דיינער, לייבל.

— צו וואָס דערציילן מייסעס, מיך אַרט, דו קענסט גיין מיט וועמען דו ווילסט. צו וואָס דער אָנשטעל? — איך האָב דיך אַרומגעזוכט אומעטום נעכטן אָוונט, ביסט אוועק אָן מיר, נו, בין איך אַליין אוועק שפּאַצירן איבערן וועג.

פערלען האָט זיך שיר ניט געשטעלט טרערן אין די אויגן. זי וועט קיינמאָל ניט קענען גלויבן, אַז לייבל קען אזוי זאָגן ליגן.

— וואָס? — שעמסט זיך גאָר־ניט? — איך האָב דאָך דיך אַרומגעזוכט א גאַנצן אָוונט. דו ביסט ערגעץ אוועק. בין איך א גאַנצע נאַכט געשלאָפן אין די קליידער. נאָר סיי ווי סיי.

מיך פאַרדריסט. איך האָב דאָך נאָך אינטעליגענטישע שטיק אין זיך. איך קליַיב בלעטעלעך. אָבער דו, וואָס דאַרף דיך פאַרדריסן, דו ביסט דאָך געקנאָטן פון לויטער קאָמוניזם, רויט בלוט ערשטער סאָרט. זי האָט אַ טרייסל געטאָן דאָס סיגאַרעטל. דאָס בערגעלע אַש האָט זיך אַראָפּגעקייקלט, האָט זי טיף פאַרצויגן און אַוועקגעשיקט רויך דער רועך ווייסט וואוהין.

— האָסט זיך עס צעלאָזט אַביסל. נו, קום שפּילן באָל.

זי האָט זיך צעשמייכלט און אַוועק מיט אים אויפן ספּאָרטפעלד. לויט איר גייעניו, מיט וואָס זי איז נאָכגעגאַנגען, האָט לייבל דערקענט, אַז ער איז נאָך מיט איר ניט פאַרטיק. זי וועט נאָך דיסקוטירן. האָט ער אַראָפּגעשלונגען פאַר זיך אַליין אַ שמייכל, ווי איינער רעדט: זי וועט שוין בעסער ווערן.

דערפאַר איז דער באָל האַסטיק געפלויגן פון האַנט צו האַנט. יעדער שטיק זעץ באַם אַריינכאַפּן, האָט אַזש אָפּגעקלונגען. זיי האָבן זיך גוט דערשוויצט, האָט מען זיך אַוועקגעוואָרפן אויפן גראָז.

— דו ביסט אַ כאַזער, לייבל, דו ווייסט כאָטש?

— אָבער דו ביסט נאָך אַ גרעסערער.

.6

עס האָט געליאַפּעט, ווי מיט עמערס. לייבל איז אַריין אין עס צימער אַן אויסגעווייקטער, ווי אַ הערינג. עס האָט גערונען פון אים, ווי פון רינוועס. און ערשט, אַז ער האָט זיך גוט אַרומגעקוקט, איז גאָר פערל ניט געווען. אָבער ער איז דאָך שוין דאָ, האָט ער אָפּגעגעסן פרישטיק, און אַז ער האָט פאַרענדיקט, און פערל איז נאָך אַלץ ניט געווען, האָט ער גענומען אַ פּאַפּירענע סאַלפעטקע, אַריינגעוואָרפן אַ מאַראַנצעלע, אַ פּאָר שטיקלעך ברויט, קעז, אַ קיבעלע און אַוועק.

ער קומט צו צום באַנגעלאָ, עפנט זיך טאַקע די טיר און פערל שטייט מיטן שלאַפראָק און גענעצט. אין די פינגער האָט זי גענומען אירע האָר און זיי געגלעט און געשמייכלט.

— איך בין הונגעריק ווי אַ הונט און קיין רענגמאַנטל האָב איך ניט. בין איך עס איינגעשלאָפן.

האָט זיך לייבל צעשמייכלט מיט אַ ברייטן שמייכל. איצט האָט ער עס אַריינגעטראָפן. ער האָט פּאַוואָליִנקע אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע די פּאַפּירענע סאַלפעטקע, וואָס איז שוין זייער פיין צעקנייטשט געוואָרן און אַוועקגעלייגט אויפן טיש.

— כאַפּט דיך דער וואַטנמאַכער, פּאַרט אַ ראַכמאָנעס אויף דיר.

— ווי קומט עס צו דיר? — איך וויל דיר געבן אַ קוש, אויב עס האָט עפּעס דער ווערט אַן אָנגעזאָגטער קוש.

— גיב, מיילע, — און ער האָט אַראָפּגעוואָרפן די שיך און זיך אויסגעצויגן אין איר בעט, גלייך ווי ס'איז זיינע.

ער האָט דערזען אַ נעכטיקע צייטונג אויפן פּלאָר, האָט ער זי אַרויפגעשלעפּט און געלייענט אַ דערציילונג. ער האָט אַליין אָנגעהויבן לייענען אינדערהויך אומגעבעטן. אַז עס רעגנט דאָך סיי ווי, וועט זי מיסטאָמע וועלן הערן. די טעמע — אַרבעטלאָזי־קייט, די שפּראַך — גרינג און לעבעדיק. האָט עס פּאַרכאַפּט. איבערגעלייענט האָט ער געהאַלטן פאַר איר אַ לעקציע וועגן פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, אַלץ אומגעבעטן, און עס רעגנט נאָך אַלץ.

נאָר אַז עס איז געקומען פאַר מיטיק, האָט ער שוין ניט געפילט קיין גרויסן הונגער. ער איז זיך געלעגן פויל און צע־שפּרייט. איז פּערל אַראָפּ, אַרויסגעוואָרפן זיין רעגנמאַנטל און איז אַרויס. און אַז זי האָט געבראַכט עסן, איז שוין געווען וואָס. און אַריין איז זי גלייך מיט אַ גרויסן געלעכטער: „איך האָב זיי געזאָגט, אַז אַ כאַוועך ליגט אין בּאַנגעלאָ, ער איז זייער אַ גרויסער כווילע, ער קען ניט קומען אין עס צימער“. נו, נו, האָט זי שוין געבראַכט אַ לעפל און אַ גאָפּל און אַ מעסער און זאַלץ אויך.

זי האָט געגרייט צום טיש, ווי פאַר אַן אייגענעם מאַן, וואָס האַלט אויס זיין פרוי מיט זיינע פּאַרדינסטן.

— הער זיך איין, לייבל, מען דאַרף דיך האָבן אויף קאַ־פּאָרעס מיט דיינע גרויסע שאַפּסכירעס, נאָר איך בין אייך מעקאַנע, מענער, איר זייט דאָך אייביק יונג. און מיר, אַז מיר גיבן נאָר אַ וועלק, האָט מען אונדז אין דער ערד.

— נאָך דער רעוואָלוציע וועלן מיר אויסטראַכטן מיטלען, ווי אַזוי אַלע מענטשן זאָלן אייביק זיין יונג.

— ביסט א כאזער, גיי עסן.

— וואָס זשע האָסטו זיך צעפילאָסאָפירט, שוין באַלד פאַר־לוירן דאָס ביסל אַפּעטיט.

— נארישקייטן, מיר ווייסן, אז עס רירט אייך אָן בּאַ דער פּיאַטע.

און לייבל האָט טאַקע אויף יעדע צען ווערטער געענטפערט דריי און דערווייל אויסגעליידיקט די טעלערלעך. ער האָט אָפּ־געווישט די ליפּן און פאַררויכערט. און אַז מען בלאָזט רויך, איז שוין פאַר לייבלען אַ סאַך גרינגער צו רעדן וועגן די עקאָנאָמישע אומשטענדן אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט און די גרוי־סע קאַמפן און דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און וועגן וואָס איר ווילט אליין, נאָר ניט וועגן דער לאַגע פון פאַרוועלקטע כאַווערטעס.

און אין דרויסן האָט נאָך אַלץ געליאַפּעט, האָט מען אַ טאָג אַ גאַנצן אָוועקגעהאַרגעט מיט דיסקוסיעס, אַז עס האָט שוין געדרונגען פון די ווענט קולטור. ווען זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט איז שוין ניט געווען קיין סימען פון קיין רעגן. איז מען אַרויס, זיך אַרומגעוואַשן, דורכגעווינטלט די פּענעמער און אַריין אויס־געפּרישטע אין טאַנץ־זאַל און זיך אַריינגעדריידלט צווישן די לעבעדיקע פּאַרלעך.

7.

דער זיבעטער טאָג איז טאַקע דאָס מאָל אויסגעקומען זונטיק. און אַ זוניקער אויך. דער קעמפּ איז געווען פאַרפּלייצט מיט געסט. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז האַלב ניו יאָרק איז אַרויס־געקומען. האָט עס לייבל אַריינגעקראָגן אַביסל כאַוויירים און כאַווערטעס, אַז ער האָט שוין פאַרגעסן אין פּערלען. פּערל האָט אויך דערזען אַ וועלט מיט באַקאַנטע. האָט מען שפּאַצירט גרופּ־פּעסווייז, גערעדט אויף הויכע טענער וועגן די לעצטע נייעס.

און אַז מען קומט זיך צונויף, ציילט מען שוין די טעג פון רעוואָלוציעס אין לענדער: כינע, עגיפּטן, דייטשלאַנד — עס טוט זיך. עס איז גוט. עס מוטיקט. עס קעמפּט זיך בעסער.

אין אָוונט איז געווען אַ קעמפּפייער. און פּערל מיט לייבלען האָבן זיך קימאַט ניט באַגעגנט. נאָר ווען מען אַרט עס, אַז אַזוי

פיל פרייד וואַלגערט זיך אַרום אין קעמפּ. איז ווער עס וויל, זאַמלט די פרייד גאַנצע הויפנס.

האָט מען זיך פאַרזאַמלט אין אַ גרויסן קרייז אַרום עס־צימער און מען רעדט: די קאָמפּאַרטיי האָט געעפנט די וואָל־קאַמפּאַניע. שיסט מען מיט ווערטער, פייערדיקע שפּיזן. און אָט איז לייבל אַרויף. ער רעדט. ער האָט וואָס צו זאָגן. און פּערל דרייט זיך אַרום און טיילט בלעטלעך, קאַרטלעך. פאַר־קויפט צייטונגען. און כאַפּט דערווייל אַ קוק אויף לייבלען. זי זעט, אַז ער באַמערקט זי אַפילו ניט, איז זי איצט צופרידן, אַז ניט וואָלט זי זיך ניט געקענט אויסבאָדן אין זיבן וואַסערן פאַר איר קוקן אינמיטן רעדן.

לייבל האָט פאַרענדיקט. מען קלאַפּט בראַוואָ. עפּעס ניט אַזוי שטאַרק ווי פּערל וואָלט וועלן. ווײַל זי אים איצט ניט באַ־געגענען. האָט ער זיך גראָדע יאָ אונטערגערוקט:

— פּערל, עס איז עפּעס ניט געגאַנגען איצט. כ'האָב מורע, אַז איך שפּיל צופיל ליבע מיט דיר, פאַרגעס איך אין רעוואָלו־ציאָנערן וואָרט.

— וואָס ווילסטו, עס איז דאָך דיר גוט, יעדן דורכפאַל האָסטו אויף וועמען אַרויפצוּוואַרפן.

— ניין, עס איז מיין שולד אַליין, מען וועט דאַרפן נאָך אַמאָל אַ לייען טאָן די פּלאַטפאָרמע פון דער קאָמפּאַרטיי.

— האָסט גוט גערעדט, דריי ניט קיין קאָפּ. אַמאָל קריגט מען ווייניקער קלעפּ, איז וואָס?

נאָר באַלד איז אָנגעקומען אַ בינטל יונגוואַרג — ס'האָט צעשטערט זייער גאַנצן שמועס און גיי לאָד זיי. מען איז אַוועק צום טייך, אַוועק זינגען אַ האַלבע נאַכט אָן זאָרגן.

און די נאַכט איז אַזאַ אויסגעשטערנטע, און די רעוואָלו־ציאָנערע באַוועגונג וואַקסט, און פּערל איז אַזוי פאַרליבט אין לייבלען און לייבל אין פּערלען אויך, איז וואָס איז דאָ וואָס צו זאָרגן?

פאַר דער פרייהייט, לאָמיר, אַרבעטער פאָלק,
קעמפן אויף די באַריקאַדן....

.8

א בייזער ווינט איז געקומען צופליען אין קעמפּ אריין. ווער עס האָט אים געשיקט און ווער עס האָט אים געדאַרפט, האָט מען ניט געוואוסט. האָבן קינדער און געסט געציטערט. די ביידלעך האָבן זיך געריסן אוועקצופליען ערגעץ, און די בוימער האָבן זיך געשאָקלט מיט באַדויער.

נאָר פּערל מיט לייבלען האָבן אָנגעטאָן וואַרעמע סוועטערס, גענומען צוויי שטעקנס אין די הענט אריין און אוועק אנטקעגן ווינט. מען האָט אים געהערט ווי די קאַץ. ביידע האָבן פאַר־שטאַנען, אז צו דער רעוואָלוציע האָט עס ניט צו טאָן. נאָר לייבל האָט געוואָלט פון דעם ארויסדרינגען, אז פאַר קאָמוניסטן איז אין אַלגעמיין גוט צוגעוואוינען זיך צו קעלטן און צו ווינטן. מען דאַרף זיך פאַרהאַרטעווען פיזיש און גייסטיק.

— זאָג דעם עמעס, לייבל, האָסט אמאָל געלערנט געמאַרע?

א סאַך זאכן דרייסטו אוים מיטן פינגער.

— געלערנט, ס׳טוט באַנג די צייט. געקענט עפּעס וויכטיקס לערנען. אָבער אמאָל קומט עס צונויז, איך האָב אָבער ניט מוירע צו דערציילן מיינע זינד און אומזיסטע פארשווענדעטע טעג.

מיטאַמאָל האָבן זיי דערזען א וואַלד, די בוימער זיינען אזוי געדיכט, אז זיי האָבן זיך אַזש איבערגעבויגן און געשאַפן פאַר זיך א הימל פון צווייגן. איז מיטאַמאָל געוואָרן אוים ווינט. האָט מען זיך אוועקגעזעצט, אויפגעבונדן די בינטלעך און זיך גענומען עסן.

אָט אזוי זיצנדיק, האָט מען א פּאָנעם געהאַט ווי וואַנדרער, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן מיט א וויכטיקער שעליכעס פון דער קאָמפּאַרטיי, אָדער אנטלאָפענע פון קאַפּיטאַליסישן יאָך, און מידע פון לאַנגן ארומגיין רוט מען זיך אוים.

אין וואַלד האָט מען פארבראַכט א פּאָר שאָ. מען האָט מיט־אַמאָל דערזען אַזויפיל פארשיידענע בוימער, ווי די מענטשן: ווייסע, געלע און רויטע, און בלעטעלעך — אָן א שיר קאָלירן.

— ווייסט, פּערל, אז אמאָל, ווען דו פירסט א שטיקל אגי־טאַציע מיט אן ארבעטער, און דו דאַרפסט האָבן אזעלכע פּאַ־שעטע ביישפּילן, ער זאָל דיך גלייך פארשטיין, איז א וואַלד זייער

נוצלעך: מען פארגלייכט די בוימער צו ארבעטער, וואָס פאר־אייניקן זיך, אָרגאַניזירן זיך, קענען די מענטשן וואָס האַקן וואַלד, וואָס פארשניידן יונגע יאָרן פון בוימער.

— בוימער זיינען אָבער רעליגיעז, זיי שאָקלען זיך, ווי באַם דאַווענען און בעטן שטום אויף רעגן.

לייבל האָט זיך צעלאַכט. ער האָט זי אויפגעהויבן. זיי האָבן אָפּגעטרייסלט פון זיך די ברעקלעך און זיך געלאָזט צוריק אין קעמפּ אריין.

אַרויס פון וואַלד — אַ ליכטיקע וועלט. נישטאָ שוין קיין ווינט. עס ליגט אַ וועג אַן אויסגעשטיינערטער, אַ באַשטראַלטער. האָט מען זיך געלאָזט מיט יונגע טריט.

.9

דער נייַנטער טאָג איז געווען אַ טאָג פון געזעגענען זיך. דער איקער האָט פּערל דערפילט אַ בענקעניש. מאָרגן פאָרט זי אַוועק. און ווידער ניו יאָרק, און ווידער מיטינגען, און ווידער הור־האַ. זי פאַרשטייט, אַז צופיל וואַקאַציע קען מען זיך איצטער ניט דער־לויבן. אָבער ווילן ווילט זיך נאָך.

לייבל האָט געהאַלטן פאַר איר לעקציעס וועגן איפּטאַכס טאָכטער, וואָס האָט זיך געזעגנט פאַרן טויט. און אַז פּערל מעג זיך שעמען. און וואָס פאַר אַ מענטש איז זי ביכלאַל. נאָר פונ־דעסטוועגן איז ער מיט איר מיטגעגאַנגען. און געפירט האָט זי אים אויף פּלעצער, וואו זיי זיינען געווען. ער האָט דערמאָנט די בלעטלעך, אָבער עס האָט זי מער ניט געאַרט. זיין פּיש־שי־סעלע ווייסט ער ניט וואו ער האָט אַוועקגעלייגט, אָבער זי האָט עס פאַרפאַקט.

עפּשער אַ האַלבן טאָג האָבן זיי זיך געבאָדן און געשיפט. און כאָטש ער איז געווען אייזן־שטאַרק, האָט פונדעסטוועגן פּערל דערפילט זיין ווייכקייט. ער איז נאָכגעביק און מען קען מיט אים רעדן היינט.

פּערלען האָט זיך געוואָלט קריכן אויף אַ בוים. איז די גרויסע קריכערקע שיר ניט דערהאַרגעט געוואָרן. אַ דין צווייגל האָט זיך איבערגעבראָכן און פּערל איז אַריינגעפאַלן אין לייבלס הענט.

פערל האָט דערפילט אַ גרויסן ווייטיק אין דער רעכטער האַנט און אין לינקן פוס. נאָר זי האָט זיך צעשמייכלט. עס איז אַלץ פאַר איר ווערט. ער האָט מיט זיינע טיכעלעך, אין טייך גענעצ־טע, געשטילט אירע ליידן, געקילט אירע בלוטן.

אַן ארומגעבונדענע מיט זיינע טיכעלעך האָט זי זיך אים נאָכגעשלעפּט אין שפּיטאָל אַריין. זי איז געגאַנגען מיט אַ שמייכל ווי אַ פּאַרוואונדעטער רויטאַרמייער, וואָס האָט זיך העל־דיש געשלאָגן פאַרן קאַמף. דער דאָקטער און די ווייסע שוועס־טער האָבן זיי זייער כאַוועריש אויפגענומען. פערל האָט זיך אַוועקגעזעצט און לייבל האָט באַמערקט:

— כאַווער דאָקטער, איך האָב אייך געבראַכט זייער אַ גע־פערלעכן כוילע.

— ווער איז דער כוילע? — האָט דער דאָקטער נאַאיוו געפרעגט.

האָבן זיך אַלע פיר שטאַרק צעלאַכט. פערלס וואונדן האָט מען באַגאָסן מיט פעפערדיקע וואַסערלעך, אַז זי האָט אַזש פאַר־קנייטשט דאָס פּאָנעם. מען האָט פאַררויכערט און גערעדט וועגן אונדזער וועלט אַלס אַ גאַנצע. דערנאָך האָט מען זי צעטיילט און יעדער שטיקל באַזונדער אָפּגעשאַצט.

אין דער צייט איז דערווייל פערל געזונט געוואָרן. אַזוי האָט זי אַליין געזאָגט. נאָר זי האָט זיך צוגעהערט צום דאָקטערס אייצע, אַביסעלע רוען. זיינען זיי אַוועק אין באָנגעלאָ. פערל איז געלעגן און לייבל האָט פּאַרגעלייענט.

פערל האָט אַראָפּגענומען די באַנדאַזשן, זיך אויף גיך אָנגע־טאָן און קימאַט ווי באַפוילן: „קום, לייבל, איך וויל היינט טאַנצן."

— ניין, פערל, דו וועסט שוין היינט ניט טאַנצן. דו דאַרפסט די פיס. מיר דאַרפן דיך אַ געזונטע אין ניו יאָרק.

פערל האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. לייבל איז גערעכט. זי וויל שוין אייגענעם פאַרגעניגן. איז מען אַוועק אין קעמפּ־קרעמל. לייבל האָט געקויפט אַ קעסטל סאָוועטישע קענדי און געטיילט און מען האָט געזונגען לידער, געזונגען אויף הויכע טענער. מען זאָל דערהערן אין מאָסקווע.

.10

לייבל האָט געהאָלפֿן פּערלען מאַכן די פּעקלעך. זי איז אַרומ־געגאַנגען אָנגעטאָן אין שטאָטישע קליידער, און די הענט, וואָס האָבן זיך אַזוי צוגעוואוינט צו קעשענעס פון קורצע הייזלעך, האָבן זיך עפּעס אַרומגעדרייט און ניט געוואוסט וואו זיך אַראָפּ־צולאָזן.

ער איז געשטאַנען אַראָפּגעבויגן איבער אַ רענצל, עס גע־בונדן שטאַרק, מיט געפיל. האָט זי אים אויפגעהויבן און אַריינ־געקוקט אין די אויגן, געקוקט און געקוקט און גאָרניט גערעדט.

— פּערל, מיר וועלן זיך עפּשער באַגעגענען אין ניו יאָרק, אָבער קיין סאך צייט זאָלסטו ניט דערוואַרטן, די באַוועגונג דער־לויבט ניט.

זי האָט זיך איינגעגראָבן אין זיין האַלדז און געלאָזט אַ צייכן פון אירע ציין.

— אַ באַגעגעניש פון כאַווירים גיט עפּעס — האָט לייבל גערעדט אין פּערלס אויגן אַריין, וואָס האָבן עפּעס געמאָנט. צען טעג פון פאַרגעניגן, אָבער זיי האָבן ניט אויפגעטרייסלט די וועלט.

— דו ווילסט מיין אַדרעס?

— איך וועל אים פאַרלירן. מיין אַדרעס איז יוניאָן סקווער. און זע, אַז דיינער זאָל אויך זיין דאָרטן, וועלן מיר זיך באַגעגענען.

פּערל האָט שוין אירע קושן אָפּגענומען אין באָנגעלאָ. נאָר גאָר אומגעריכט האָט זיך לייבל מיט איר צעקושט בא דער מאַשין. די טעקסי איז אַוועק. אַ האַנט האָט זיך געטריפּעט דורכן פענסטער.

צווישן די געבליבענע געסט איז אויך לייבל געשטאַנען מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט און געפּאָכעט. ער האָט זי פּאַוואָליע אַראָפּגעלאָזט, פאַררויכערט און אַוועקגעשפּאַנט איבערן ברייטן וועג, זיך אַביסל מיט זיך דורכגעשמועסט וועגן זיינע לעצטע צען טעג — פ ו ן א ו נ ד ז ע ר ע ט ע ג.

# אַ טויב פליט איבער געסלעך

.1

פאַרטאָג רוקט זי זיך שטיל אַראָפּ פון איר געלעגער. זי וויל דעם מאַנס און קינדערס־שלאָף ניט צעשטערן. זי דאַרף דאָך צוין גרייטן פאַר זיי פרישטיק. שוועבט זי אַזוי פון צימער'ל צו צימער'ל. איר פּאָנעם איז ריין און קלאָר און ערלעך. דאַרף זי ניט קיין זייפן אין פּאַרפיומען. אַביסל קאַלטע וואַסער מאַכט דאָך אַזוי פריש. די האָר פאַרשאַרט, אַריינגעשטעקט אַ קעמל מיט אַכצן ציינדלעך, זיי זאָלן צוהאַלטן די האָר. אין קיך קאָכט זיך שוין קאַווע, און פּוטער מיט ברויט ליגט שוין אויפן טיש.

איצט זיצט זי באַם טישל, איבערגעקערט איר בייטל מיט פּאַרמעגן, און זי לייגט אויס. זי פאַרמאָגט גרויסע אוצרעס באַ זיך. אין קליינעם מיטלסטן בייטעלע ליגן פאַרשיידענע אַדרעסן און צעטעלעך. פון ביידע זייטן ליגן פּעקעלעך בילעטן אין פאַר־שיידענע קאָלירן. אַ ביכעלע מיט נאָטיצן און פאַרצייכענונגען וועגן דער באַוועגונג. אָבער ניט אַלץ קען מען פאַרשרייבן. ניטאָ אַזוי פיל צייט. די מערסטע זאַכן זיינען פאַרשריבן אין קאָפּ. שטעלט זי אים אַוועק אַזוי איבערן טיש, שפּאַרט אונטער מיט איר האַנט און קוקט דאָרטן, וואָס עס טוט זיך באַ איר אין קאָפּ.

אַ סאַך טראַכטן טאָר מען ניט. דער זייגער איז שוין נאָך זיבן. דאַרף מען וועקן די קינדערלעך, זיי מוזן דאָך גיין אין סקול. מען דאַרף וועקן דעם מאַן, ער מוז דאָך גיין אַרבעטן. גייט זי אַזוי שטיל, ווי אַ טויב, און שעפּטשעט שפּרוכעלעך איבער בעט און בעטעלע. עפענען זיך אויגן און אייגעלעך און ליפּן צעשמייכ־

לען זיך, און זי פרעגט אַזוי שטיל: „איר ווילט שוין אויפשטיין?“
פונקט ווי זי וואָלט זיך אַנטשולדיקן פאַר שטערן זייער שלאָף.

און כאָטש אירע קינדער קאָנען זיך שוין אַליין אָנטאָן, און דער מאַן אַוואַדע, פונדעסטוועגן טראָגט זי צו אַ שוך, אַ העמדל, העלפט ארויפשלעפן אַ זאָק, גלאַט אַזוי. זי קען ניט שטיין ליידיק. און אַז מען קריכט אַרויס פון די בעטן, און איידער מען וועט זיך אַרומוואַשן, גיט זי אַ טרייסל דאָס ביסל בעטגעוואַנט און פאַרבעט. ערשטנס, איז אָפּגעטאָן אַן אַרבעט, און, צווייטנס, אַז אַ בעט איז אָפן, ווילט זיך שלאָפן.

עסט מען פרייליך. פּאָפּע דערציילט אַ שפּאַס, און די מאַמע לאַכט אַזוי געשמאַק, לאַכן אויך די קינדער. און דערווייל שטייט שוין אַ טעפּל און קאָכט זיך שטילערהייט. וואָס אינווייניק טוט זיך, ווייסט מען ניט. די פּעטע הינער זיינען דאָרט ניטאָ. אָבער וואָס דאָרטן זאָל ניט זיין, וועט עס זיין געשמאַק, ווייל עס קאָכט זיך אַזוי שטיל און ריין אין טעפּל. קינדער כאַפּן די ביכלעך און אַנטלויפן. דער מאַן ווייסט: עס פעלט שוין זייער פיל אין הויז. מען לעבט אויף באָרג. מען לייט און מ'צאָלט. אָבער דאָס איז אַ קליינעקייט. האַלוואַי זאָל נאָר ווערן אַביסל אַרבעט. ער טוט זיך אָן און גייט אַוועק.

אָט איז זי פאַרטיק מיט דער הויז־אַרבעט. פאַר די קינדער אָנגעגרייט אויפן טיש עפּעס צום איבערכאַפּן באַטאָג. בעט אַ שכיינע כאַפּן אַ קוק. וואַרפט זי אַרויף איר מאַנטל. אין אַ מינוט כאַפּט זי זיך, אַז דער מאַנטל איז אַלט. באַדאַרפט אַן אַנדערן. נאָר לאַנג האָט זי קיין צייט ניט צו טראַכטן. דאָס היטעלע נעמט זי אין האַנט. און אַז אין דרויסן וועט ניט זיין קאַלט, וועט זי עס טראָגן אין די הענט, דער קאָפּ זאָל זיין פרייער און גרינגער.

אין דרויסן ווערט זי גאָר אַן אַנדער מענטש. די גאַס איז גרויס, הייזער אַזוי פיל, און דאָרט וואוינען אַזוי פיל מענטשן. ווער־זשע זיינען זיי? אַרבעטן זיי? וואָס פאַר אַ צייטונג לייענען זיי? ווי אַזוי לעבן זיי? און ווער זאָרגט זיך פאַר זייערע קינדער, לערנען זיי אין אַן אַרבעטער־שול?

וואָלט זי געוואָלט זיך אויפהויבן אויף פליגל און פליען שנעל פון הויז צו הויז, דערציילן יעדן איינעם פון איר פרייד, פון איר לעבן אין דער באַוועגונג. זאָלן זיי אויך קומען. פאַרוואָס קומען

זיי ניט? אַט גייען צוויי מאַמעס. וואָס זיינען זיי אַזוי פאַר־זאָרגט? מען דאַרף מיט זיי אַ רעד טאָן.

עפנט זי דאָס בייטעלע און נעמט אַרויס אַ בילעט:

— איר האָט דאָך געהערט אַוואָדע פון אונדזערע אידישע שולן פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן?

ביידע פרויען בלייבן שטיין אין אַ פאַרלעגנהייט. עפּעס נאָך קיינמאָל האָט אַזאַ פרוי זיי ניט אָפּגעשטעלט און קיינמאָל ניט געשטעלט אַזאַ פראַגע.

און זי איז אַזוי צופרידן. מ'הערט דאָך וואָס זי רעדט. עס מאַכט זיך זייער אָפּט: זי עפנט די טיר, און מען וויל גאָרניט הערן. באַדויערט זי. מענטשן פאַרשטייען נאָך ניט. זי וויל זיי דערציילן פון אַזעלכע גוטע זאַכן. אָבער די אַדרעסן שרייבט זי אַריין. זי וועט נאָך דאָרטן זיין. זיי מוזן דאָך פאַרשטיין.

זי גייט אַזוי פון הויז צו הויז און רעדט. רעדט שטיל, מיט אַ שמייכל. ווי אַזוי־זשע קען יענער אָפּזאָגן און ניט הערן?

זי גייט אַזוי לאַנג איבער די הייזער, ביז זי קריגט עפּעס: אַ קינד פאַר די שולן, אַ „פרייהייט"־לייענער, פאַרקויפט עפּעס אַ בילעט, אַ מיטגליד פאַרן אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן.

.2

באַטאָג כאַפּט זי זיך אַריין אין הויז. אַלץ איז אין אָרדנונג. די קינדער האָבן געגעסן. זי מאַכט זיך אַ גלעזל קאַווע. קוקט איבער די בריוו און די צייטונגען. לייענט און האָט האַנאָע. אַזוי פיל גוטע נייעס איז דאָ. די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט הויבן אָן פאַרשטיין. זיי אָרגאַניזירן זיך. מ'מאַכט אויפשטאַנדן. דער סאָוועטן־פאַרבאַנד ווערט שטאַרקער. עס איז דאָך אַזוי גוט. אָט נאָך אַ יאָר און נאָך אַ יאָר, און די גאַנצע וועלט וועט ווערן פריי. עס וועט דאָך זיין אַזוי גוט. עס וועט דאָך זיין אַזוי שיין צו לעבן.

אוי־וואַ, שוין באַלד דריי אַזייגער, און זי האָט זיך אַוועקגעזעצט. מען דאַרף עפּעס טאָן. זי גיט אַ שווינק־אויס דאָס גלאָז, אַ שאַר צונויף די ברעקלעך, אָפּגעווישט דעם טיש, פאַרשאַרט די האָר און אַרויס. אין דרויסן פאַלט אַ שנייעלע, אַזאַ גלאַט שנייעלע,

אַזאַ שיין שנייעלע. האָט עס כאַוועריטע שיינע ליב. עס ווילט זיך אַזוי שטיין און שמייכלען אויף דער וועלט און פילן ווי זיידענע שנייעלעך פאַלן אויף איר קאָפּ.

נאָר עס לויפן קינדערלעך פון סקול. קינדערלעך לויפן. אַזעלכע פריילעכע קינדערלעך, אַ פריילעך לעבן אויף זיי. זיי שרייען דאָך און ליאַרעמען אַזוי שיין. נאָר מיטאַמאָל ווערט זי אַזוי פאַרטרויערט, אַט צעוויינט זי זיך. עס גייען נעבעך אָרימע קינדערלעך. איינגעטוליעט אין מאַנטעלעך. די פיסעלעך איילן זיך. די הענטעלעך באַהאַלטן. ס'ע קאַלט. זי שלעפּט־אָפּ אַ אינ־געלע מיט געקרייזלטע האָר:

— וואו וואוינסטו, אינגעלע?

— אַט דאָרטן־אַ!

— וואָס טוט דיין מאַמע?

— זי איז אין הויז.

— וואָס טוט דיין טאַטע?

— ער אַרבעט נים.

— וואָס האָט ער געטאָן פריער?

— געאַרבעט באַ פאָרדן.

— לערנסט זיך ערגעץ אויסער דער סקול?

— יע, אין היברו.

— האָסט ליב צו לערנען אין היברו?

קוקט ער אַזוי, דאָס אינגעלע, אין כאַוועריטע שיינעם אויגן און טראַכט, צי זאָל ער איר אויסזאָגן דעם עמעס. און ווער איז זי, די פרוי, וואָס פרעגט עפּעס אַזעלכע פראַגן? אָבער זי האָט אַזעלכע גוטע אויגן און זי שמייכלט צו אים. ענטפערט ער:

— ניין, נים ליב. נאָר די מאַמע שיקט, גיי איך.

הויבט זי אים אָן צו דערציילן וועגן דער אַרבעטער־שול:

— וואָלסט וועלן גיין אין אַזאַ שול?

צעגלאַנצן זיך די אייגעלעך באַם אינגעלע. יע, ער וואָלט וועלן גיין, אָבער מ'דאַרף רעדן מיט דער מאַמען. גייט זי שוין מיט אים אַהיים. אין אינגעלעס הויז הערשט אַן אָרעמקייט. רעדט זי מיט דער מאַמען. די מאַמע פילט טאַקע די נויט. זאָגט זי איר, אַז דער טאַטע דאַרף זיך אָנשליסן אין אַרבעטלאָזן קאָנסל. טאָמער וועט מען זיי וועלן אַרויסוואַרפן פון הויז, פאַרמאַכן די

געז און עלעקטריק, וועלן קומען די ארבעטלאָזע ברידער און זיך אָננעמען די קריוודע. און דאָס קינד, ווי לאָזט מען גיין אין א טאָלמעטוירע? מען לערנט אים דאָרטן, ער זאָל זיין א סוינע פון אָרימע און ארבעטער. און זי דערציילט דעם אינגעלעס מאמען, וואָס פאר א טייערע לערער די ארבעטער־שול האָט. אזעלכע גע־לערנטע. אלע וואָך האלטן די לערער לעקציעס פאר די עלטערן.

— מיר, פרויען, דארפן אויך פארשטיין, — אזוי ווארים, הארציק, רעדט זי.

קוקט אזוי דעם אינגעלעס מאמע אויף דער באוועריטע שיינע און טראכט עפּעס, שאָקלט מיטן קאָפּ: „טאקע עמעס, יעדער וואָרט איז עמעס. אָבער זי איז דאָך אזא פּאָשעטע פרוי, וואָס פארשטייט זי, וואָס קאָן זי טאָן?"

צעשמייכלט זיך באוועריטע שיינע. עס איז דאָך איר אזוי גוט. אָט זיצט אָן ארבעטער־פרוי און הערט וואָס זי רעדט. זי פארשטייט שוין. זי וועט זיין... א קעמפערין וועט זי זיין.

.3

אז באוועריטע שיינע קומט אריין אין דער קינדער־שול פון אינטערנאציאָנאלן ארבעטער אָרדן, גריסן זיך אלע קינדער מיט איר. א פרייד ווערט. מיט יעדן רעדט זי עפּעס. איין קינד פרעגט זי, וואָס די מאמע מאכט; אָן אנדער קינד פארהערט זי. ווי ס'לייענט שוין אזוי שיין. מיטאמאָל דערזעט זי: א קינד האָט א שמוציק העמדל אויף זיך, אָדער די האנט איז ניט ריין. מאכט זי א ברוגעס פּנים און ווייזט אָן. פארשעמט זיך דאָס קינד און פארענטפערט זיך.

זי האָט ליב צו זיצן און מיטזינגען די לידעלעך, וואָס די קינדער זינגען. זי האָט ליב צו הערן די מייסעלעך, וואָס דער לערער דערציילט. זי ווערט א קינד. זי לאכט און פריידט זיך מיט די קינדער אין קלאָס.

קומט פאר א סימכעלע אין שול, שיינט אויף איר א גרויסע פרייד. אזוי פיל קינדערלעך אין ארבעטער־שול. אירע קינדער־לעך. פון די אָרימע געסעלעך געבראכט. פון די אָרימע הייזעלעך

אַרויסגעבראַכט. אַרויסגעשלעפּט. און זיי ווען דאָך אויסוואַקסן אַזעלכע גרויסע מענטשן, קעמפער און פירער פון אַרבעטער.

.4

און אַז כּאַוועטע שיינע קומט אַריין צום מיטינג פון די מאַמעס, ווערט אַ גרויסע פרייד. אַלע גריסן זיך מיט איר. אַלע קענען זי. אַלע ווילן זיצן לעבן איר. זי איז דאָך אַזאַ גוטע. אַ מאַמע צו מאַמעס. זי שיינט און קוקט אויף אַלע מיט אַ שמייכל. פון מיטינג צו לעקציע ווערן מער מאַמעס. מ׳קומט אַריין. אירע מאַמעס. זי האָט גערעדט מיט זיי. ווערט שטיל. דער לערער רעדט. דער ל ע ר ע ר רעדט. אוי, האָבן מיר אַ גוטן לערער. ער ווייסט דאָך אַלץ. הערט מען, ווי כּאַוועטע שיינע ה ע ר ט. מ׳פילט איר שטילקייט.

דער לערער רעדט וועגן די שולן, וועגן די קינדער, וועגן אַר־בעטלאָזיקייט, וועגן די נעגער־אונטערדריקונגען, וועגן דער פּאַר־טיי, וואָס פירט די אַרבעטער אין קאַמף. און אירע מאַמעס זיצן און הערן. און עס איז אַזוי שטיל. יע, זיי פאַרשטייען, יעדן וואָרט פאַרשטייען זיי. די מאַמעס ווען העלפן. אָט נאָך און נאָך עטלעכע, און אַזוי ווען מיר אַריינקריגן אַלע מאַמעס, אַלע קינדער און אַלע טאַטעס פון די אַרבעטער. דעמאָלט ווען מיר אויפשטיין אין איין אינדערפרי, אויסשטרעקן אונדזערע הענט און אָפּנעמען די וועלט.

די לעקציע איז פאַרענדיקט. מ׳פּאַטשט מיט די הענט. כּאַ־וועטע שיינע דרייט איר פּנים אין אַלע זייטן:

— וואָס זאָגט איר, אַ, מיר האָבן אַ טייערן לערער, אויס־געצייכנט.

פון יעדן איינעם דערציילט זי זאַכעלעך. אָט עפּנט מען דאָרטן נאָך אַ שול. אין יענער שול אַריינגעצויגן נייע זעקס מאַ־מעס, אַכט קינדער. געווען בּאַ דער קאָנפערענץ. אַנטייל גענומען בּאַ אַ זיצונג. עס איז אַזוי אינטערעסאַנט צו גיין קלייבן געלט אין אַ בלומען־טאָג. הערט אַ מייסעלע:

אַ ברודער אַרבעט בּאַ אַ צוויִיטן. שוין דריי מאָל געשניטן סכירעס פון אייגענעם ברודער. און דער בּאַלעבאָס טאָר ניט

וויסן, אַז זיין ברודער, וואָס אַרבעט בײַ אים, לייענט די „מאָרגן־פרייהייט״, אַז ניט וועט ער אים אַרויסוואַרפן אינגאַנצן.

אַזוי דערציילט אַ מאַמע. האָט זי אירע צוויי קינדער גע־בראַכט אין דער אַרבעטער־שול. די מאַמען געבראַכט צו דער לעקציע, און זי וועט שוין פאַרשטיין, וואָס מ׳דאַרף טאָן.

און יעדן איינעם האָט זי וואָס צו דערציילן. שטייט מען אַרום איר, ניט ווי כאַווערטעס אַרום אַ כאַווערטע, נאָר ווי קינדער אַרום אַ מאַמען.

.5

אירע קינדער ווייסן שוין, אַז די מאַמע האָט קיין צייט ניט. קומט זי פאַרנאַכט, גיט עסן מאַן און קינדער. קינדער דערציילן נייעס פון סקול און שול. לייגן זיך שלאָפן פרי. און כאַווער און כאַווערטע גייען אין אַרבעטער־קלוב. דאָרטן דרייט זיך אַרום אַזוי פיל אַרבעט. כאַווײרים קומען — אַ וועלט. דאַרף מען דער־לאַנגען אַ גלעזל טיי, קאַווע. דאַרף מען זיך זען מיט יעדן, אויס־געפינען: וואָס הערט זיך אין קלוב, אין דער דראַמסטודיאָ, אין פרייהייט געזאַנג־פאַריין, וואָס הערט זיך אין דער באַוועגונג. מען דאַרף דאָך עפּעס טאָן. און די צייט — אַך, ווי זי לויפט.

איז דער גרויסער בייטל אירער מיט איר. זי עפנט אים און פאַרמאַכט. אַט פאַרקויפט נאָך אַ בילעט. פאַרשריבן אַן אַדרעס. אַ קרעדענשל צו אַן אָרגאַניזאַציע. אַ נייער מיטגליד. אַוואַדע, אוי איז איר גוט. אָט קומט נייע אַרבעט.

מאָרגן וועט זי ווידער אויפשטיין פאַרטאָג, שטיל אַראָפּ־קריכן פון בעט. מאַנס זאָל קינדערס שלאָף ניט שטערן. זי וועט אַ ראַם טאָן די צימערן און צוגרייטן עסן. אַ שווײנק טאָן איר ריין, קלאָר און ערלעך פּאָנעם מיט פרישער קאַלטער וואַסער. און באַטאָג וועט זי אַוועקשוועבן מיט אירע פליגל איבער גאַסן און געסלעך, פון הויז צו הויז, שנעל, געשיקט, נאָר מיט שטילע טריט, מיט אַ שמייכל, מיט מאַמעשע בליקן, ווי אַ טויב.

# טשוועקלעד

שיקע — פיר בוכשטאבן — געננג. וואס איז דען א נאָ־מען? — פילאסאפירט שיקע — א רינגעלע אין א קייט. אלע ארבעטער — א קלאס. קאמף, באוועגונג, אט דאס איז הייליק!

שיינע נעמען האט ער שוין אויך פארמאגט. אין ווילנער געגנט האט מען אים גערופן לעאניד סערגייעוו, אזוי האט מען באדארפט. א שטימע האט ער טאקע אזא לייבישע, א פעסטע, צוגעפאסט. ארויסגעבראכט א ווארט פון מויל, איז דאס געפאלן זיכער, קעדאי זיך דארויף אפשטעלן.

ער איז אויסגעוואקסן אין א גרענעץ־שטעטל. א טרעגער געוועזן. דאניעל דער בריוו־פּלייציקער. א טאסקע געטאן א קאסטן, אז דער רועך האט עס געכאפט.

איינמאל האט אים טאקע א זשאנדארם אפגעשטעלט:

— דאניעלקע, עפעס קריכסטו מיר צו נאענט צום גרענעץ מיט דיינע פעקלעך. זאג, אקערשט, וועמענס רענצל איז דאס?

דאניעל האט א שמייכל געטאן מיט זיינע גראבע ליפן, אויסגעשטעלט א פאר נאאיווע אויגן:

— דאס פארעצל פארט דאך קיין אויסלאנד, אפאנאסיעוויש זונדל, פארשטייסט?

דערהערט אזא הויכן נאמען, איז דער זשאנדארם דערציי־טערט געווארן און אים אפגעלאזט.

... ערשט פון דרוקעריי צען טויזנט הייסע מאי בלעטלעך געפעקלט אין רענצל....

— עך, א צייטעלע געוועזן — פאסמאקעוועט זיך שיקע — מ'האט עפעס געלעבט, געטאן. אין אזא מאמענט טראגט ער זיך אריבער אהין...

באוואקסן איז ער א דאס־סוינע. זי איז געוועזן זיין גאזלען:

א נאכט. נעדריכטע פינצטערניש. עס ליאפעט א רעגן. א סליאטע. א טייערע געלעגנהייט פאר דאניעלן. ער שוועבט מיט צוויי קיישעקלעך פראקלאמאציעס.

פלוצים:

„סטאַי, הינטישע נעשאָמע, איצט ווייסן מיר שוין ווער דו ביסט!"

אַ זעץ אין קאָפּ, באַגלייט מיט אַ בראָכע:

„אַ כיטרער זשידעק, זיך פאַרשטעלט פאַר אַ טרעגער!"

האָט דאַניעל פאַרשטאַנען, דורכן קלאַפּ, אַז מ׳קען אים שוין. האָט ער אַ שמיר געטאָן דעם זשאַנדאַרם איבערן גאַנצן פּאָנעם. דער בעוורע־מאַן האָט זיך אוועקגעוואַלגערט, ווי אַ זעקל קאַר־טאָפּליעס.

פון דער ווייטנס האָט דאַניעל געהערט ווי ער וואָרטשעט, שרייט און פייפט.

ווען ער איז אַריין אַ פאַרסאָפּעטער צו כאַוועקען, איז זי אים געלאָפן אַנטקעגן מיט אָפענע הענט און גרויסע אויגן:

„וואָס איז געשען?..."

...און אין צוויי וואָכן אַרום איז ער אָנגעקומען אין ניו יאָרק.

כאַוועקע איז ניט נאָר געווען כאַוועקע, זי איז אויך גע־ווען אַ דריטל פון קרייזקאָם, און אַז זי האָט באַפוילן: „שנעל, וואַרף זיך אַריבער די גרענעץ!" האָט מען געמוזט פּאָלגן.

נו, וואָלט ער זיך געוואָלגערט אַביסל אין סיביר. אָבער דערפאַר וואָלט ער געברענט אין פייער פון דער גרויסער רעוואָ־לוציע — אַך, ס׳פאַרדריסט.

* * *

פאַרפאַלן.

היינט איז ער אַן אַמעריקאַנער קעמפער. אַ קאַרפּענטער — זיין ערשטע מעלאָכע. ער דערמאָנט זיך: אַ טאָג. פריערע סטאָ־ליער, זיין באַלעבאָס, איז אוועק. און דאָס לערן־אינגל, וועלוועלע, האָט צונויפגענומען די סטרוזשקעס. און ער, שיקע, האָט גע־מאָסטן אַ טירל אין אַ שאַפע, האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ סטודענטל, אַרומגעקוקט, ווי אַ גאַנעפל, און גלייך זיך אויסגעצויגן לעבן אים. שיקע האָט אים באַטראַכט: הויך און דין, ווי אַ לייסטל, אַן אָפּגעריבן היטעלע, הענטעלעך — טשוועקלעך.

דערפאַר האָט ער געהאַט אַן אַרומגעהובלט מיילעכל. אַ

צינגל, אַ געשליפנס. ס'איז געפאַרן, ווי אַף רעדלעך. ער האָט אים אָנגעמאָלן, אָנגעמאָלן אַ וועלט מיט פרעמדע ווערטער. עס איז אים בלויז געבליבן: „כאַווערל, ברודערל, דו אַרבעטסט צו־פיל שטונדן. קריגסט ווייניק געלט. דו דאַרפסט לערנען. קום צום מיטינג באַנאַכט."

ווען דאָס סטודענטל איז אַוועק, איז שיקע געבליבן שטיין, ווי אַ קו צום מעלקן. ער האָט זיך געקראַצט אין קאָפּ: „וואָס האָט ער געוואָלט?"

אָך, ווען ער באַגעגנט היינט דאָס סטודענטל! ער וואָלט אים אויסגעקושט. ער וואָלט אים אויך דערציילט ווי ער, שיקע, שטעלט אַריין טירן אין אַמעריקאַנער הייזער. בריינגט צו דער אַרבעט רעוואָלוציאָנערע צייטונגען אויף עטלעכע שפּראַכן. שטיל־ערהייד, ווען די סטאָליאַרעס עסן, פאַרגאַנוועט ער זיך און שטופּט אַריין אין יעדן מאַנטל אַ צייטונג. עטלעכע האָט ער שוין אַריינ־געגנומען אין דער פּאַרטיי.

ס'איז אים אַביסל שווער צו אַרבעטן מיט דער צונג. קיין פרעמדע שפּראַכן קען ער ניט, רעדט מיט די אַרבעטער אַף אַ אידיש־רוסיש־ענגליש, דערקלערט דאָס איבעריקע מיט די הענט. די צייטונגען העלפן אויך אַרויס. אַמאָל געלינגט אים אוועקצו־שלעפּן איינעם אַהין. דאָרטן זיינען דאָ די סטודענטלעך: „כאַ־ווערל, ברודערל, דו אַרבעטסט צופיל, קריגסט ווייניק באַצאָלט, דאַרפסט לערנען, קום צו אַ מיטינג, קום!"

באַם מיטינג זיצט שיקע מיט אָנגעשטריינגטע אויערן און מיט אַ גראָבער, לאַנגער נאָז: „הערסט, באָכערל, שאַרפע ווער־טער, פעסטע. וואוילע כעוורע, וואוילע."

מ'האָט טאַקע שיקען ליב פאַר זיין פּראָסטער ערלעכקייט. געזונט איבערגעגעבן צו דער אַרבעט. געלט און צייט — געהערן דער פּאַרטיי.

ווער האָט נאָך אַזוי פיל פרייד, ווי שיקע? — קיינער. קאַמף, באַוועגונג — וואַקסט. רייען ווערן גרעסער.

שיקע קומט צו אַ פּיקניק, אַ באַזאַר, אַ באַל, — הויבט ער זיך אַזש פון פרייד. אַט פליט ער אין דער לופטן. ער וואָלט אַרומנעמען מיט זיינע צוויי דעמבענע הענט אַלעמען: „כאַוויי־רימלעך, ברידערלעך, ס'איז דאָך אַזוי גוט, אַזוי פריילעך!"

אַלעם דאַרפן קעמפּער קענען — פילאָסאָפירט שיקע — טאַנצן און זינגען, שרייען און הוליען, פאַרקויפן לעניך־בילדלעך און מילך, ביכלעך און זויערע אוגערקעס, — אַלץ פאַר דער באַוועגונג, פאַרן קאַמף.

* * *

ווען ער איז אין דער היים מיט זיין כאַווערטע ווייבל און צוויי פּיאָנערלעך, זיצט ער ניט ליידיק: „גענוג געהאָרעוועט, כאַווערטע ראָכקע, זעץ זיך אַוועק און לייען עפּעס. מיר, אַרבעטער, דאַרפן זיין באַוואוסטזיניק.“ און אַליין — געבן אַ צעוויש די טעלער און טעפּלעך, אויסגעקערט און פּאַרטיק. ביידע אינגלעך אַרום אים — לערנט מיט זיי בילדער. כעוורע לאַכט און שלעפּן פּאַפּען באַ דער נאָז.

דייוו, דער כאַווער־קוואַרטיראַנט, לאַכט פון אים אַפּ אַביסל: אַ רעוואָלוציאָנער, אַ שיינער, זיך פאַרבונדן מיט אַ פאַמיליע, לאָזט זיך פירן באַ דער נאָז, ווי אַ בעהיימע.

שיקע לאַכט מיט זיין גראָבער שטימע: „ביסט גערעכט, כאַווער, אָבער עס מאַכט ניט. מיינע צוויי יאַטלעך וועלן נאָך אַמאָל איבערקערן אַמעריקע.“

די נאָז זיינע, דאָס איז שוין אַ יערושע־זאַך. קיינער איז ניט שולדיק. אַביסל איז ער אין קייעס אַף זיין טאַטן. אַ קאַרגער איד געווען. מע האָט דערציילט אין שטעטל:

„ווען שיקע האָט זיך געגרייט צו קומען אַף דער וועלט, איז געווען זייער אַ שלעכטע צייט. אַלע מאַלאָכים האָבן צונעטראָגן זייער ביילעך: אַן אויער, אַן אויג, אַ פוס. נאָר דער מאַלעך פון דער נאָז, אַ דאַווראַכער, שרייט גאָר: אַ זעקסער אַ נאָז! דריי קאָפּיקעס אַ ניאָניע! דערהערט אַזאַ מייסע, האָט זיין טאַטע זיך דערשראָקן: אַ זעקסער אַ נאָז? — זאָל כאָטש זיין אַ גרויסע!“

שיקע אַליין צעלאַכט זיך הויך פון דער מייסע, באַווייזט צוויי רייען געזונטע, ווייסע ציין, ווי אויסגעטאָקטע פלעקלעך.

אין ניו יאָרק, איבער די רווישיקע גאַסן, לויפט שיקע שנעל, פאַרמאַכט די אויגן. אויפן צווייטן טראָטואַר קוקט ער זיך אַרום:

„איר פאַרשטייט, כּאַווייערימלעך, אַ מאַשין קען זיך נאָך פאַר־טשעפּען אָן מיין טאַטנס נאָז!"

ער האָט זייער האַנאָע פון דעם עפּיזאָד. ס'האָט אַ כּאַוועריל, אַ לעץ, דאָס צוגעטראַכט, דערציילט ער עס יעדן איינעם.

צופיל אין הויז איז שיקען ניט דערלויבט צו זיצן. מיטינג־בריוולעך, קאַרטלעך — אין אַלע קעשענעס... זיי גיבן אים אַ שטורכע אין זייט: „מ'וואַרט דאָרטן, שיקע!" ער גיט זיך אַ כאַפּ, וואַרפט אַרויף אַ מאַנטל און היטל — צעקושט די פּעמ־פּעקלעך און אַנטלויפט.

אין סאָבוויי לייענט ער, איילנדיק, די צייטונג. בּאַ יעדער סטאַנציע קוקט ער אַרויס, צי איז ער ניט פאַרפאָרן ווייט. ער בּליקט אויף אַ טייל רואיקע פּאַסאַזשירן, וואוהין פאָרן זיי אַזוי גלייכגילטיק?

אַן אַרבּעטער לייענט אַ רעוואָלוציאָנערע צייטונג. שיקע שיקט אים אַ שמייכל: „אַ כּאַוועריל."

— פערצנטע גאַס, פערצנטע!

שיקע פליט אַרויס, לויפט אַהין... דאָרטן, דאָרטן, מען וואַרט.

* * *

פּיקניק פון רעוואָלוציאָנערע פּרעסע.

שיקע שיינט.

דער פּאַרק איז געפּאַקט. שפּראַכן פּרעמדע, פאַרשיידענע — איין האַרץ. יאַטלעך ליאַרעמען, שניידער, קירזשנער, שלאָסער — האָבּן פאַרגעסן זייערע פּאַכן, היינט טוט מען, וואָס מען דאַרף: אויסשפּילן צוקערקעס, בּיכער, פאָרן אויף וועגעלעך, עראָפּלאַנד־לעך, וואַרפן פּילקעס, שפּילן אין שאַשקעס, שאַך, קלאַפּן טשוועקעס אין אַ בּרעט.

שיקע שלעפּט אַרום אַ בּעוורע. העלפט אויסליידיקן קעשע־נעס. מען דאַרף פינאַנסן. די פּרעסע מוז לעבּן. מיר האָבּן שוין אַ ריר געטאָן דעם אַרבּעטער אין אַמעריקע: „אַ גוטער אָנהויב, כּאַווייערימלעך, טוט, גיט, שנעל!"

שיקע שמייכלט. ער איז גליקלעך. ער האָפט, אַז עס וועט בּאַלד קומען אַ צייטעלע א ו י ך ד אָ, מ'וועט אַ לעבּ טאָן, אַ טו טאָן.

ער ווארט אויף א בריוועלע:

„כאווערל שיקע!

„ווארף זיך אריבער קיין סקרענטאָן. דו וועסט הייסן דזשאָן דער ברייטפלייציקער. רענצלעך, פעקלעך, אויפרופן וועסטו טאָסקען צו די מיינערס, אז דער רועך וועט עס כאַפּן.

„סעקרעטאר......"

אוי, כאלעשט ער נאָך אזא בריוועלע.

לאנג טראכטן לאָזט מען אים ניט. מען צופּט אים פון אלע זייטן: „שיקע מיט א רייש — שיקער. שיקע מיט א מעם — שיק אים." ער לאָזט זיך: „אזוי, אזוי, כאוויירימלעך, נעמט מיך, איך בין אינגאנצן אייערער."

צוויי כעווערלייט האָבן אים געכאפּט און מען שלעפּט אים: „שיקע גייט, שיקע, דערלאנגט דעם האמער!"

ארום א קלאָץ, אָנגעשטעקט מיט גרויסע טשוועקעס, שטייט אַן אוילעם און פארגעניגנט זיך. וואָס איז די כאָכמע? מען דארף מיט דריי קלעפּ אריינהאַקן דעם טשוואָק. אז ניט — באצאָלט, כאווערל, צען סענט פאר דער באוועגונג.

יעדער פּרואווט זיין מאזל: א זעץ — ניט געטראָפן. א קלאַפּ — זיך פארבויגן. א קנאַק — א האלבער איז קוים אריין. צענדלינטיקע פאלן אין קעסטעלע. און די סטודענטלעך, שניידערלעך, לערערלעך, קירזשנערלעך טרעטן אָפּ אין א זייט, מען פארעט זיי אָפּ מיט א ביסעלע כויזעק.

— מען דארף קענען דערלאנגען!

— אוואדע דארף מען קענען!

שיקע נעמט דעם האמער אין האנט: „אויך מיר א האמער, סא העמערל." ער גיט א קוק אין די זייטן מיט א שמייכל און

— זעץ. — קנאַק.

— קלאַפּ. — שמיר.

— באַך.

אריין, ווי די האלעשקעס, פינף שטיק.

מען דערלאנגט אים א סיגאר מיט רעספּעקט. אלע פאטשן בראווא. שיקע פארויכערט, ווי א העלד, צעלאכט זיך הויך מיט זיין לייבישער שטימע: „העי, כאוויירימלעך, מע דארף קענען שטעפּן טשוועקלעך!"

# לייקע ווינט

לייקע גייט ניט, זי לויפט. זי האָט פליגל. נאָר קיינער זעט זיי ניט. דאָרטן, ערגעץ אינעווייניק אין איר רויטער נעשאָמע, איז פאַראַן אַזאַ מאָטאָרל, וואָס הייבט זי אויף און טראָגט זיך איבער די גאַסן און געסעלעך פון דעטראָיט.

איז ערגעץ אַ פאַרזאַמלונג פון אַרבעטער, וואַקסט לייקע אויס. דאַרף מען פאַרשפּרייטן צייטונגען און אויפרופן פון דער קאָמפּאַרטיי, איז זי די ערשטע. איז נויטיק פאַרטאָג זיך צוכאַפּן צו די טויערן פון פאָרדס אָ פאַבריקל און פאַרזיכטיק אויסטיילן בלעטלעך, איז לייקע אַף דער וואַך.

און אַ מויל האָט זי, אַף שרייפעלעך. אומעטום רעדט זי. ניין, זי רעדט ניט, זי שיסט מיט פייער. איז פאַר איר יעדער פּלאַץ ניט קליין, ניט גרויס: אויף אַ לייטערל, אויף אַ ראָג, מיט די פּיאָנערן, מיט דער קאָמליג, אויף פאַרטיי־פאַרזאַמלונגען, גאַסן־מיטינגען פון אַרבעטער, — אומעטום.

שטענדיק טראָגט זי מיט זיך אַ פּאַק. פון וואָס איז דאָרטן ניט פאַראַן? — בילעטן, צירקולאַרן, אויפרופן, צעטעלעך — אַלעס איז וויכטיק. זי איז דאָך שוין איצט אַ פירערין אין אַ סאָוועטן־אַמעריקע. און ס'איז טאַקע איר אַמעריקע!

* * *

אַף אַ שפּאַס האָט זי געענטפערט אין געריכט, אַז זי איז געבוירן געוואָרן אין אַ שפּיטאָל אין די בראָנקס. אָבער עס איז טאַקע עמעס: זי איז געבוירן געוואָרן בײַ אָרעמע עלטערן אין ניו יאָרק. וויפיל איז זי אַלט? — זי קען ניט גענוי געדענקען, זי איז זייער פאַרנומען. זי האָט קיין צייט ניט אויף אַזעלכע

נארישקייטן. הא, זי איז שוין אן אלטע מויד. זי דארף שוין אלט זיין א יאר אכצן — צוואנציק. ווי לאנג זי איז אין דער פאר־טיי? — אינגאנצן א פאר יאר.

עס זיינען לייקען זייער דערווידער אזעלכע פראגן. ווי פאר־נעמען זיך דאס מענטשן מיט אזוינע זאכן? — מיט וואס באַ־שעפטיקט זיך איר פאטער? — נו, דארף דאס לייקע וויסן. ער האט געארבעט בא קלאוקס, געהאלטן א קלייטל, זי ווייסט איצט ניט פינקטלעך. ער איז דאכט זיך ערגעץ אין ניו יארק, זי שרייבט זיך ניט דורך. אז ס'איז גאר אינגאנצן געווען א טאעס אין דער נאטור. זי האט פיינט א טאטן, וואס איז ניט אין דער באוועגונג.

ווי אזוי זשע קומט זי קיין דעטראיט? — וואס הייסט? — זי איז געפארן. פאראן דא ארבעטער, וואס מאכן אויטאמאבילן. מען דארף זיי אויפקלערן. פליט זי טאקע ארום, ווי א ווינט.

* * *

— א שטייגער פון וואס מאכט לייקע איר ביסל לעבן? — טאקע א פראבלעם. זי וואוינט בא כאוויירים. עסן? — מען כאפט איבער וואו עס לאזט זיך. און אז ס'איז נאר דא וואו, גיט זי זיך א זעץ אוועק אין א שאפ, נייט אפ א פאר וואכן, פאר־דינט א פאר סענט, מאכט אן דעם באלעבאס אביסל צארעס און שוין. צעצאלט זי זיך מיט די באלעבוייוועס און בלייבט ווידער א קאפצנטע.

אבער זארגן זיך האט לייקע פיינט. זי שמייכלט שטענדיק. ס'איז איר גוט. די פארטיי וואקסט. די באוועגונג ווערט גרעסער. פארטיי־ארבעט איז דא מערער. פליט זי ארום זינגענדיק.

אט איז אנגעקומען דער זעקסטער מערץ. לייקע האט גע־ארבעט מיט אלע גלידער: געשפאנט מיט אירע פעסטע פיסלעך איבער די גאסן און געסלעך און אויסגעטיילט ציטונגען און בלעטלעך. מיט דער צונג געלעקט די רויטע פירעקיקע רופעלעך „ארויס אף גאסן דעם זעקסטן מערץ!“ און געקלעפט, וואו עס האט זיך נאר געלאזט, אויף פענצטער, מאשינען און סלופעס. געמאלן פייער אף ראגן, פונקען זיינען געפלויגן פון די אויגן, פלאמען — פון מויל. די לאנגע בלאנדע האר האבן זיך אזש

צעווייעט, ווי א פאַן פון באַזונדערע זיידענע פעדים, און מיט די הענט, ווי מיט שווערדן, אין דער לופטן געפאַכעט.

און דערפאַר, ווען ס'איז געקומען דער רויטער דאָנערשטיק און העכער הונדערט טויזנט ארבעט־מענטשן האָבן פאַרפלייצט די גאַסן ארום סיטי־האָל, איז לייקע ארומגעלאָפן, ווי א ווילדע. אזוי פיל פרייד און ציטערניש אין איר. צו שמאָל איז דער קערפער. עס פּלאַצט ארויס פון איר: „זעט נאָר, זעט, דער פּראָלעטאריאַט גייט!"—ווי זשע קענען מענטשן גיין מיט איינגע־צאַמטן האַס און צאָרן? — פאַרוואָס קריצן ציין אין פארמאַכטן מויל? — און ארויסגעשלעפּט א פּלאַקאַט פון הינטערן מאַנטל און מיט גרויסן אויסרוף: „נידער מיט דער קאַפּיטאַליסטישער אַמעריקע! זאָל לעבן די קאָמפּאַרטיי!"

פּלאַצט אויס ארום איר א הורא, גייט מען נאָך איר, מען זינגט, און זי טראָגט זיך, זי פליט. אָט טראָגט זיך דורך א ציטער, א שווידער. עס לויפן אָן מיט בייזקייט קאַפּיטאַלס שמייר־סער, די שווארצע שטעקעלעך טאַנצן ארום אויף ארבעטער קעפּ. אָבער לייקע האָט זיך אויסגעדרייט פון אונטער די הענט. זי איז שוין אויף א צווייטער גאַס.

און ווידער טראָגט זי א פּלאַקאַט מיט געזאַנג און רוף, מיט א שמייכל און פייערלעך אין די אויגן. נאָר איצט האָט מען זי געכאַפּט, מ'האַלט זי פעסט, זי רייסט זיך מיט אַלע קויכעס. זי געוואַלדעוועט. האָט מען דערפאַר א פּאָליסמאַנדל צעקנייטשט דאָס היטל מיט א שטיק אייזן. פירט מען זי שוין ניט צום פּאָ־ליציי־וואָגן, פּאָליציי האָט געכאַפּט א טעקסי און מ'פירט זי באַ־זונדער. גרויס קאָווער לייקען צוגעטיילט.

* * *

און דערפאַר, וואָס זי טוט אזעלכע גוטע זאַכן פאַר די דעטראָיטער ארבעטער, האָט מען אוועקגעשטעלט איר בילד אין די צייטונגען, געדרוקט אירע ענטפערס צום ריכטער. ווייזט עס אויס, אז דעם ריכטער איז זי זייער געפעלן געוואָרן. ער האָט געהאַלטן פאַר איר עטלעכע לעקציעס וועגן אַנשטענדיקייט און טרייהייט צום פאָטערלאַנד, וואָס אַן אַמעריקאַנער געבוירענער

דאַרף וויסן. און כוץ דעם האָט ער איר געשאָנקען צען טעג אומ־זיסט עסן און קוואַרטיר אין דער דעטראָיטער טורמע.

האָט זיך ליִיקע אויסגעלאַכט פון גאַנצן אייסעק. ס'איז גוט אין טורמע אויך. כאָטש דאָס עסן איז ניט אַזוי געשמאַק, ניט באַטאַמט און עס קוועטשט אַביסל דער געלעגער. אָבער מע קען דאָ רעדן. אויך קען מען זיך קריגן מיט די מאָראַלישע פּרויען־היטערינס.

און דאָרט האָט ליִיקע מיטאַמאָל דערפילט, אַז זי האָט אַ וועלט מיט פריינט. יעדן טאָג זיינען געקומען כאַווירים און כאַווערטעס. מע האָט געבראַכט אַ וואָרט, אַ שמייכל, אַ בליק, עסן, אַ צייטונג. עס איז נאָר אַ שאָד די צען טעג, זי וואָלט דאָך געקענט אַזויפיל אויפטאָן.

* * *

נאָר מיט הערין האָט זי אַביסל צאָרעס. ער האָט זיך אָנ־געטשעפּעט אין איר. נו, איז וואָס איז, אַז זי האָט בלויע אויגן און כיין־גריבעלעך? — הערי האָט ליב צו הערן ווי ליִיקע צע־זינגט זיך, טראָגט זיך אַוועק אין נעגערשן עקסטאַז:

איך האָב אַ שוך,
דו האָסט אַ שוך,
אַלע גאָטס קינדער האָבן אַ שוך —
האָ הימל, הימל, הימל...

הערי האָט ליב צו טאַנצן מיט ליִיקען. זי שוועבט. אָבער הערי קען זי נאָך איינגאַנצן ניט. אָט האָט ער זי, דאַכט זיך אים שוין, לאָזט זיך אויס, אַז פּונקט אַזוי לעבעדיק איז זי מיט אַנדערע כאַוויירים אויך. זי טאַנצט און נעמט זיך אַרום מיט יעדן.

זיצט הערי באַם יוניט־מיטינג מיט אויגן איינגעגראָבענע אין ליִיקען. גיט זיך אַלעמאָל אַ פּאַרטראַכט, אָבער ליִיקע איז איצט אַן אַנדערע. זי זעט אַן אַנדער הערין. זי פּאָדערט שטריינג אַרבעט פון אים, פּונקט ווי פון זיך, ווי פון יעדן איינעם: „כאַ־וויירים, מיר דאַרפן אָרגאַניזירן, קעמפן, מער אַקטיוויטעט!“.

נעמט ער, הערי, פיל אַרבעט אַף זיך, ער טוט, ס'איז אים שווער נאָך אַ טאָג אַרבעט, אָבער ער וועט דערפילן, נאָר ליִיקען האָט

ער שוין ניט ליב, זי איז שטריינג.

האָט זיך דער מיטינג געענדיקט. הא, הא, לייקע זינגט שוין ווידער, שמייכלט, כאַפּט אַרום הערין און צעטענצלט זיך צע־שמייכלט זיך הערי, ער האָט זי שוין ווידער ליב.

* * *

וואָס זשע מאַטערט זי די מאַמע מיט א בריוו? — זי בעט זיך מיט טרערן, זי וויל זען איר טאָכטער. לייקע קלייבט זיך שוין פון לאַנג אָנצושרייבן דער מאַמען א פּאָר ווערטער. זי וועט איר שרייבן אזוי:

„טייערע מאַמע!

איך באַדויער זייער, וואָס דו פאַרשטייסט ניט, אַז איך בין שוין ניט דיין טאָכטער, איך בין א טאָכטער פון ארבעטער־קלאַס. איך האָב א סאַך מאַמעס, און זיי דאַרפן מיך דאָ האָבן. און...".

נאָר זי האָט נאָך אַלץ ניט קיין צייט צו שרייבן. אָט קומט דער ערשטער מאַי. און ווידער דאַרף מען רעדן. און ווידער דאַרף מען פאַרשפּרייטן צייטונגען און בלעטלעך. און ווידער טראָגט זיך לייקע, ווי א ווינט. איז וואָס מיר טאַטע, מאַמע, הערי, — טע דאַרף זיך באַפרייען.

גייט זי ניט, לייקע, זי לויפט. זי פליט. זי האָט פליגל, נאָר קיינער זעט זיי ניט. דאָרטן, ערגעץ אינעווייניק אין איר רויטער נעשאָמע, איז פאַראַן אַזא מאָטאָרל, וואָס הייבט זי אויף און טראָגט זי איבער די גאַסן און געסעלעך פון דעטרויט.

# א שוואַרצער זונטיק

דזשעקסאָן איז אַרויסגעפלויגן פון בעט פאַרטאָג, גלייך ווי א ווייב וואָלט אים אַרויסגעוואָרפן צו דער אַרבעט. נאָר דזשעקסאָן שלאָפט גאָר מיט א הינטל. און דאָס ווייסע הינטעלע האָט נאָך קיין אייגל ניט געעפנט, קיין אויערל ניט גערירט.

ער האָט א צי געטאָן א שמוציק שטריקל. א טונקעלע ליכט האָט זיך צעוואָרפן איבערן קעלערל. די גרויע וועלט זיינע האָט אים באַגריסט: דער ערעוו־פּרימאָרגן דורכן פאַרשמירטן פענצטערל, דאָס קאַלענדאַרל, וואָס ער האָט פון מיסט אַרויסגענאַנוועט, דאָס צעקראָכענע שטיקל סיראָטע אַפן טישל און זיינע בעגאָדים אַפן בענקל.

דער רייעך און דער אַש־קאָליר פון זיין קעלערל האָבן אים באַלד דערמאָנט אָן זיינע טועכצן. דאָס ערשטע האָט ער אַרויסגעלאַקכנט מיט צוויי פינגערלעך זיין דאָלערדיק זייגערל, טאַקע פון זיין זשעלעטל. א שפּיל אַזאַ פאַר זיך אַליין. דזשעקסאָן דער נעגער וויל אַמוזירן דזשעקסאָנען דעם „דזשעניטאָר". דאָס זייגערל האָט זיך א רייַץ געטאָן מיט די ווייזערלעך: זיבן־און־דרייסיק מינוטן נאָך פיר! די אויגן זיינען אים אַזש שיר אַרויסגעפלויגן, גלייך ווי דער מאַלעך־האַמאָוועס שטייט אַנטקעגן אים. און ער האָט דאָך אַזוי פיל טועכץ! און ער דאַרף זיך נאָך היינט זען מיט זיין קליינער דזשעני!

* * *

פריער האָט דזשעקסאָן געשפּיגן אין די קאַנען אַש, וואָס ער האָט פון אויוון אַרויסגעשאַרט. ווייל דאָס אַש איז אים געקראָכן גלייך אין האַלדז אַריין, א פרייען פרישטיק אים געגעבן. דערנאָך, אַז דער אויוון האָט זיך אַביסל צעפלאַמט, דאָס פייער האָט אָנגעהויבן טאַנצן און אַרויסשטעקן צונגען, האָט זיך דזשעקסאָן צעשמייכלט, עס האָט דערוואָרעמט זיינע ביינער. האָט ער אַנטקעגן פייער אויסגעדזשיגעט א טשאַרלסטאָן־טאַנץ און זיך אַקאָמפּאַנירט מיט א פּאָפּולערן קופּלעט.

ער האָט אַ נעם געטאָן די לאַפּעטע אין זיינע הענט. די קוילן האָבן אָנגעהויבן טאַראַטאַקען אין בלעכענעם לעפל, זיינען אַריינגעפלויגן אין אויוון אַריין, איבערלאָזנדיק בלויז אַ קלונג אַפן בלעך. ער האָט געשמייכלט מיט אַזאַ נאַכעס, אַז זיינע נאָזלעכער האָבן זיך אַזש געהויבן. די קוילן האָבן געטרעשטשעט, געקנאַקט. דאָס פייער האָט געזאָטן. אַ קאַמף האָט זיך צעברענט.

ווען דזשעקסאָן האָט שוין געמאַכט אַביסל אָרדנונג אין קעלער; צוגעקערט אין די ווינקלען, צעשטעלט, צערוקט, — האָט ער אויפגעעפנט דאָס אויוון־טירל, זיך געזעגנען, זיינען שוין די קוילן געליגן רויטע, צעבלוטיקטע, פאַרכאַלעשטע און דאָס פייער האָט זיך שטיל באַלעקט מיט פלעמעלעך און געבלאָזן פון זיך זיגעריש.

* * *

דער בעזים, וואָס האָט זיך פעסט געהאַלטן אין דזשעקסאָנס הענט, האָט צעטריבן די שטויבן, שמוצעלעך, פּאַפּירלעך, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַפן טראָטואַר איבער נאַכט.

קלוגע פּאַפּירלעך, גרינגע, צייטונגנדיקע, האָבן זיך אַליין אָפּגעטראָגן באַצייטנס. אייניקע זיינען אַוועק אינמיטן וועג, אַף העפקער. אויב שוין יאָ באַשמוצט און צעטראָטן ווערן, איז כאָטש פון גומענע רעדער, ניט פון אַ שפּיזלדיקן אַלטן בעזים. קאָלירטע פּאַפּירלעך, מענטשעלעכדיקע, זיינען נאָך געליגן מיט פולע האָפנונגען: אַ באָכערל וועט זיי דערהויבן און זיי נאָך לייענען אויך!

דזשעקסאָן האָט געקערט מיט פאָרזיכט, זיך אַלעמאָל אָפּ־געשטעלט, דורכגעלאָזט אַ פאַרבייגייער, אַ שאָכן־אָפּגעגוט־מאָרגנט, אַ היימישן מענטשן־אָפּגעשטעלט: „האַלאָ, סקובאַ, ווי גייטס?".

היימישע מענטשן פון קעלי גאַס פאַרשטייען שוין דזשעק־סאָנען. זיי קענען אים שוין באַלד אַ צענדליק יאָר. אַלע טאָג טראָגט ער קימאַט דעם זעלבן סוועדער. דאָס צעריבענע היטל

אין א זייט. דאָס רעקל מיט די געשוואָלענע פאַרשמאָלצעוואַטע קעשענעס.

פון דער צייט, וואָס קעלי גאַס קען אים, איז ער ניט ווייסער און ניט שוואַרצער געוואָרן, ניט אינגער און ניט עלטער. זיינע אָנגעזאַמלטע אידישע און איטאַליענישע ווערטער צעוואָרפט ער צווישן די קרעמער, צו ווען ער כאַפּט זיך אַריין באַטאָג, ווען קיין קוינעס זיינען ניטאָ. ער האָט זיך ליב צו טוישן מיט וויצן. ער צעלאַכט זיך אַזוי געשמאַק, אַז די סלינע צעשפּילט זיך אַזש און דער פרישטש אויף דער באַק הייבט אָן צו טאַנצן.

דעם זונטיק האָט זיך דזשעקסאָן ניט פאַרטשעפּעט. ניטאָ קיין צייט. ער דאַרף באַגעגענען „ליטל דזשין!“.

* * *

דזשעקסאָן איז פאַרפּוצט. די שיך — ווי שפּיגלען. א ניי מאַנטעלע, א קורצס, און א ברייטס, שווימט אַרום אים. א קאַפּעליושל, א האַרטס, א רינגעלעכל, איז זיך געזעסן מאַמזעריש, אויף א זייט, אויף זיין קאָפּ.

זעקס דאָלער מיט צוויי און אכציק סענט אין קעשענע. א סיגאַר, וואָס האָט אויסגעקרימט זיין מויל און זיך געדרייט געווענקעלט זונטיקדיק. א זיידן טיכעלע, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון זיין קעשענקעלע צום קאַפּעליושל, ווי א פייגעלע פון א נעסט צו א סטעליע.

האָט זיך דזשעקסאָן, א באַלאָדענער מיט אַזוי פיל פרייד, געזעגנט מיט קעלי סטריט, און איז אוועק מיט א שמייכל קיין האַרלעם, צו דער קליינער דזשעני.

ניט ווייט פון זיין מיידלס הויז, האָט זיך דזשעקסאָן אָפּגעשטעלט, ער האָט אַרויסגעשלעפּט זיין זייגערל: ער האָט נאָך זיבעצן מינוטן צייט! ער וועט איר ברענגען א מאַטאָנעלע, וועט זי גלייך אָנהויבן שמייכלען, וועלן זיי שוין זיין פריילעך ביז באַנאַכט. גוט!

צוויי ווייסע אינגלעך, וואָס האָבן באַמערקט אונדזער אויסגעפּוצטן דזשעקסאָנען, שטייען און שמייכלען צו זיך אַליין, האָבן זיך הויך צעלאַכט. זיי האָבן זיך א סוידע געטאָן און באַשלאָסן

א פּאַרוועט. און איידער רזשעקסאַן האָט באַוויזן זיך א ריר צו טאָן, איז אָנגעפלויגן א האַרטע פּילקע און אַראָפּגעשליידערט זיין קאַפּעליושל. דאָס רינאַלעכל האָט זיך געקייקלט, געקייקלט און אַראָפּ פון מענטשלעכן וועג, פון טראָטואַר. די צוויי כעוורע־לייט האָבן זיך אָפּגעטראָגן מיט א געלעכטער. דורכגייער האָבן געשמייכלט, האַנאָע געהאַט פון שפּאַס, נאָר דזשעקסאַן איז גע־בליבן שטיין א צעטומלטער. א קאַעס האָט זיך אין אים צעזאָטן. זיינע אויגן זיינען געוואָרן גרויס, בייז און ווילד.

ער האָט אָבער באַלד דערפילט זיין הילפלאָזע לאַגע. ער איז דאָך א נעגער. ער האָט זיך געוואָלט צעוויינען, נאָר ער האָט זיך געשעמט. האָט ער זיך מיט אן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ געלאָזט גיין נאָך זיין קאַפּעליושל.

האָט אָבער א „טעקסי־דרייווער“, וואָס איז געשטאַנען בא א ראָג און האָט צוגעזען די סצענע, זיך געשמאַק פאַנאַנדערגע־לאַכט. אַזוי ווי ער האָט זיך שוין געגוג אָנגעגעניצט, קיין פּאַסאַזשירן ניט געווען, האָט ער א דריי געטאָן דאָס רעדל, דאָס מאָטאָרל האָט געמאַכט: זיד־זיד־זיד און — פּונקט מיטן פאָר־דער־ראָד איבערן קאַפּעליושל. ס'האָט זיך דערהערט א טרעשטש, ווי פון קינדערשע ביינדעלעך. דזשעקסאַן האָט מיט איבער־קויכעס א געשריי־געטאָן: „האַלטן!“. דער אָטאָ־מאַן האָט זיך לוסטיק, אַביסל קינצלעך, פאַרקייכט.

דזשעקסאָן האָט זיך געוואַקלט א פאַרביטערטער מיטן צע־כויזעקטן קאַפּעליושל אין האַנט. ער האָט געזוכט א קראָם, וואו מע קען פאַריכטן, אָדער קריגן אן אַנדער הוט. זונטיק — געשעפטן געשלאָסן.

און אָט איז דזשענים וואוינונג. דזשעקסאָן שטעלט זיך אָפּ. ער באַשליסט: „ער וועט אַרויף, איר דערציילן דעם גאַנצן עמעס. זי איז דאָך אויך א שוואַרצע, זי וועט גלויבן, מיטפילן“.

נאָר דזשעני איז אים אַרויס אַנטקעגן געאַרעמט מיט טאָמאַסן, זיין קאָנקורענט, דעם שטיוול־פּוצער.

זיי האָבן אים דערזען, ביידע פון אים אָפּגעשפּעט. דזשעני האָט אים אַרויסגעשטעקט א לאַנגע צונג: „דו ביסט א פּאַס־קודנער שיקערער נעגער!“. און אַוועק מיט טאָמאַסן גאַדלדיק.

דזשעקסאָן האָט זיך געלאָזט נאָך איר א פּאָר שפּאַן, איר

געוואָלט דערקלערן, נאָר דזשעני האָט זיך אפילע ניט אומגע־קוקט, בלויז געדרייט קאָקעטיש מיטן הינטער־ביילעק.

ער איז געבליבן שטיין. האָט זיך א קראַץ געטאָן אין קאָפּ. מיט קאָעס אוועקגעשמיצט זיין צעטראָטן פּעגירעלע און אוועק..

* * *

קעלי גאָס האָט דערזען דזשעקסאָנען שוין אין אָוונט. די גאָס האָט זיך געהוידלט אין זיינע אויגן. קינדער זיינען געפלויגן אין דער לופטן צו כאַפּן א פּילקע. הייזער האָבן זיך געבויגן און געהאַלטן בא די זייטן, בא די בייכער לאָכנדיק.

ווייל דזשעקסאָן איז שוין געווען אן אויסגעוואַלגערטער. ער האָט זיך געוואַקלט, ווי א רעדל, וואָס האַלט שוין באַם פאַלן, נעבעך. זיין קורץ־ברייט מאַנטעלע איז שוין אף צוויי ערטער געווען אויפגעריסן. דער אונטערשלאַג האָט ארויסגעקוקט מיט שעלמישע אויגן, אינגאַנצן באַקלעפּט און באַשמירט מיט שמוץ, פּאַפּירלעך און שאַלעכץ פון באַנאַנעס. „דו ביסט אביסעלע שיקער, דזשעקסאָן!" — האָט א שאָכן געשמייכלט. „איי ליטל שיקער, סקובא". האָט דזשעקסאָן ארויסגעגרעבצט און זיך צע־לאָזט הויך אף א קענטאַקער ניגן, וואָס איז געמישט מיט טענער פון קאָל־נידרע. די מעלאָדיע איז געווען אזוי פרעמד און ווייט און טרויערדיק, ווי — דזשעקסאָנס לאַנד, וואו עס וואַלגערן זיך ערגעץ זיין ווייב און קינדער.

ער האָט זיך אראָפּגעראַטשקעוועט אין זיין קעלערל אריין. געבעלעבעטשעט מיט זיך אליין. געשאָלטן און געזידלט אבי־סעלע די וועלט: יעסוסן, טייוול, דזשענין, טאָמאַסן, די אינג־לעך, טעקסי־דרייווער און נאָך, א וועלט, אלע זיינע סאָנים.

ער האָט זיך א וואָרף געטאָן אין בעטל אריין מיטן גאַנצן שמוץ אף זיינע קליידער, דאָס בעטל האָט אָנגעהויבן צו קרעכצן. דאָס הינטל האָט זיך צעקוויטשעט און צעריטשעט.

דזשעקסאָן האָט דאָס הינטעלע גענומען אף זיין שויס, דאָס געגלעט. האָט גערעדט צו דעם, ווי צו א פריינט: „פּארשטייסט, טייערינקער, היינט האָב איך געהאַט א נעגערשן זונטיק, א שווארצן!".

# עלא מיים שוועסטער

— אונדזער יעדער שאָס, וואָס שפּאַלט די נאַכט, טרעפט אין סוינעס לאַגער, די גרויסע פענצטער פון הענרי פאָרדס פאַבריק צעשיטן זיך און פאַלן מיט קוראַזש אויף דער גאַס. מיר האָבן זיך געצילט און צעפּיצלט די קאָלאָסאַלע עלעקטרישע פיר בוכשטאַבן פ אָ ר ד.

— די רעשטלעך פון קאַפּיטאַליזם האָבן זיך פאַרפעסטיקט אויף ביידע זייטן וואודוואַרד און וועגטשעסטער גאַסן — אין דעפּאָ און אין פאַבריק — און זוכן אן אויסוועג.

„אנטוואָפענען און אַרעסטירן אָדער פאַרניכטן צוזאַמען מיט די געביידעס!" — דאָס איז דער באַפעל פון דעטרויטער רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט.

שיסט מען!

כאַווערים בייטן זיך מיט נייעסן:

„ניו יאָרק איז שוין אונטער פולן קאָנטראָל. עטלעכע שיפן מיט בורזשוקעס זיינען אַוועק זוכן אַ אינדזל".

„וואַשינגטאָן האָט מען איבערגענומען קימאַט אָן קאַרבאָנעס".

„פון קענטאָקי שפּאַנט אַ רויטע דיוויזיע פון מיינערס צו פאַרפעסטיקן די רעוואָלוציע" —

מיטאַמאָל ווערט שטילער. דער סוינע שיסט נים. מיר לאָזן זיך נעענטער. נאָר פּלוצים צערעוועט זיך די נאַכט. איך דערפיל אַ קיצל אין האַנט. מיין ביקס פאַלט מיט מיר צוזאַמען.

איך דערפיל אַ שטאַרקן ווייטיק. כאַווערים טראָגן מיך באַלד אַוועק. אן אַמבולאַנס פירט מיך שוין.

איך הער רוישנדיקע סיגנאַלן פון האָרן. מיר דאַכט, אַז דער אָנטרייבער לאָזט ווימן: „מאַכט אַ וועג, איך פיר אַ פאַרוואונדעטן קעמפער!"

לעבן מיר זיצט אַ כאַווערטע, גלעט מיר מיין קאָפּ און פרעגט מיך שטיל: „איר לעבט, כאַווער?"

דורכן שטאַרקן ווייטיק שלאָגט זיך דורך אַ דערינערונג. עפּעס האָב איך געהערט ערגעץ אַזאַ שטימע. ס'איז פינצטער. עס ענגבערט אַ שרעקלעכער ווייטיק.

דער אמבולאנס האט זיך אפגעשטעלט. מען האט מיך ארייג־געטראגן אין א גרויסן זאל. כאוויירים האבן געקרעכצט.

איך בין ארומגערינגלט געווארן פון דאקטוירים און שוועס־טער. מען האט מיך אויסגעטאן.

א כאווערטע האט צוגעטראגן א גלאז וואסער — — — —

דאס איז דאך כאווערטע...

לאזט זיך אויס, אז איך בין זייער לאנג געשלאפן. ווייל ווען איך האב זיך אויפגעכאפט, איז מיין האנט געווען פארבאנ־דאזשירט, ווי א בארג, די צווייטע האנט האט א כאווערטע גע־האלטן.

„כאווערטע עלסי, ווי קומט איר אהער?"

זי האט זיך אוועקגעזעצט אויפן ברעג פון מיין בעט, אויס־געדריקט שטיל איר צעפרידנקייט, וואס איך בין געבליבען לעבן. די קויל האט מען ארויסגענומען. די האנט וועט זיין געזונט. זי האט דערציילט:

נאך אין די ערשטע טעג פון מילכאמע איז זי אוועק קיין קליוולאנד. זי איז אריין אין „רויטן קרייץ" און געארבעט אין דער אומלעגאלער קאמוניסטישער פארטיי.

מען האט זי קיין איין מאל ניט געכאפט. זי האט אליין פיל מאל פארשפרייט ליפלעטס אויפן שלאכטפעלד. געפירט ליטעראטור אויף די אמבולאנסן.

אין די שטורמדיקע טעג האט זי איבערגענומען די פירער־שאפט פון די שפיטאלן. מען האט זי באשטימט אהער אלס אנ־פירערין פון „שנעלע־הילף אפטיילונג פאר די פארוואונדעטע קעמפער".

און איך געדענק נאך די טעג ווען כאווערטע עלסי פלעגט זיצן א שטילע באם מיטינג פון „עלא מיי פרויען קאנסיל", שטיל, פארטראכט. די האנט אויפן שטערן.

ווי רוי זי איז אמאל געווען. וואס איז דאס לעבן? — צו 27 יאר שוין דריי קינדער געבוירן. און עלא מיי וויגינס האט אוועקגעגעבן איר לעבן פארן ארבעטער־קלאס!

און שפעטער איז זי געקומען אין קלאסן פון פאליטישער אויפקלערונג. מען דארף לערנען. זיך גרייטן. פארשטיין. איר דינע עלאסטישע שלאנגען־פיגור האט זיך אויפגעהערט ווארפן.

דער שטערן איז געוואָרן גרעסער. די אויגן — ברייטער. זי האָט אויפגענומען דעם קלאַסן־קאַמף.

און איצט איז זי אָנפירערן פון דער „שנעלער הילף".

א כאַוועך איז אָנגעקומען מיט אן ערנסטען באַפעל. זי האָט מיר איבערגעלאָזט א שמייכל און אוועק מיט'ן כאַוועך.

אינדערפרי האָט דער ווייטיק אַביסל אָפּגעלאָזט. די זון האָט אריינגעשיינט. א רויט־ארמייער איז אריין, א צעפּאַטלטער, זיך אוועקגעשטעלט אויף א בענקל און אויסגעשריען: „כאַ־ווײרים, מיר האָבן איינגענומען די פעסטונג פון הענרי פאָרד!"

פון אַלע בעטלעך האָבן זיך פאַרוואונדעטע כאַוויירים און כאַווערטעס אויפגעהויבן. א פרייד האָט זיי געזונט געמאַכט.

„דער שלאָג־באַטאַליאָן פון די פרויען קאָנסלס האָט זיך אריינגעריסן דער ערשטער און געצוואונגען די קאַפּיטאַליסטישע פארטיידיקער אָפּצוגעבן דאָס געווער!"

ערשט איצט האָב איך זי דערקאָנט. דאָס איז דאָך די פּלאַ־מענדיקע כאַווערטע מיט די רויטע באַקן, גרויסן קאָפּ האָר. איך געדענק זי פון ברויט־סטרייק אין 1931, אירע פייערדיקע רעדעס, איר וויגן זיך אויף די דרויסנדיקע מיטונגען, איר האַסטיקן שפּאַן אויף דער פּיקעט ליין.

דעמאָלט פלעגט זי פאַרגעסן איר ארבעטלאָזן מאַן און אירע פיר קינדער, אַן איינגעוויקעלטע אינגאַנצן אין קאַמף. און איצט רעדט זי אין נאָמען פון דער רויטער ארמיי.

פאַרטראַכט אין איר פאַרגאַנגענהייט און אין אַלע כאַווערטעס פון „עלאַ מיי פרויען קאונסל„ האָב איך ניט באַמערקט ווי זי איז אויסגעוואַקסן לעבן מיין בעטל. זי האָט מיר אויסגעשטרעקט א האַנט מיט א שמייכל. מיך אויסגעפרעגט וועגן געזונט און דערציילט:

„די פאַרטיי האָט זי באַשטימט צו פאָרמירן פרויען בריגאַ־דעס. אין געשלעגן מיט פאַשיסטן אויף יעדער גאַס, האָבן זיך די פרויען־בריגאַדעס אויסגעצייכנט. אין די שטורעם־טעג האָט מען זי באַשטימט פאַרן קאָמאַנדיר פון פרויען־באַטאַליאָן. דאָס איז דער וועג פון לואיזע מישעל, עלאַ מיי און אַלע פרויען־קעמ־פערינס!"

האָב איך זיך דערמאָנט אין קלאַס פון „5 יאָר פּלאַן". זי

האָט מיר שטיל פאַרטרויט: זי קען ניט שרייבן. זי קען לייענען און רעדן — נאָר ניט שרייבן. און אין עטלעכע לעקציעס האָט זי זיך אויסגעלערנט.

וויפל פייאיקייט און טאַלאַנט עס פאַרמאָגט די אַרבעטער־פרוי.

זי האָט דערקלערט, אַז דער פרויען־באַטאַליאָן לאָזט זיך באַלד צו די ברעגן פון דער אָזערע. שיפלעך בלאָנדזשען דאָרט אַרום. זי איז אַוועק.

איך האָב אויסגעשטרעקט מיין געזונטע לינקע האַנט און געבראַכט פאַר מיינע אויגן די צייטונגען פון טישל. אַזוי פיל צייטונגען אין אַ פּאָר טעג. איך האָב געמישט און געקוקט און געציילט און זיך געפריידט. פּלוצים האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט „די פרוי און די רעוואָלוציע". איך הויב אָן לייענען די שורעס — פיין, לאָגיש. דער שרייבער דערמאָנט מאַרקסן, לעגינען, פאָדערט אויף אין נאָמען פון אַלע קעמפּערינס, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן זייערע לעבענס פאַר דעם אַרבעטער קאַמף, זיך אָרגאַניזירן, באַפעסטיקן די רעוואָלוציע.

„פרוי, נעם די ביקס אין האַנט!

„פרוי, שטעל אויף דערציִ־אַנשטאַלטן, שולן, קינדער־הייזער, רעסטאָראַן־פאַבריקן! באַפריי זיך פון דער הויז־שקלאַפעריי!"

ווער זשע פירט אָן מיט דער פרויען־צייטונג?

רעדאַקטאָר: לייקע; סעקרעטאַר: ווערא.

איך קען זיי: כאַווערטע לייקע — דער דיפּלאָמאַט, די מיטלוואוקסיקע אַקוראַטנע טוערין. די בעסטע שילערין. שטענדיק געווען אין פּלאַץ מיטן וואָרט. העכער מיט צען קעפּ פון פיל כאַווירים. אַ זון — אַ פירער געבראַכט אין דער באַוועגונג. אַ טאָכטער — אַ פירערין, און זי — דער רעדאַקטאָר פון דער פרויען־צייטונג.

און כאַווערטע ווערא, די כאַווערטע מיטן וויץ, מיט אַן איבעריקן פּויז — דער סעקרעטאַר. כאַווערטע ווערא האָט דאָך שטענדיק אַרומגעטראָגן אַ טאַש. אַ קאָמיסאַר פון יאָרן, ווי זי וואָלט געוואוסט פאָרויס, אַז זי וועט זיין די סעקרעטאַרין פון „פרוי און די רעוואָלוציע".

מיטאַמאָל איז עפּעס געוואָרן טומלדיק אין שפּיטאָל. פּיאָנערן שפּאַנען אַרום פון בעטל צו בעטל. זיי פרעגן און פאַרשרייבן. לעבן מיר שטעלן זיך אָפּ צוויי יאַטלעך, פרעגן מיין נאָמען, וועגן מיין געזונט, מיין ביאָגראַפיע. זיי זאַמלען מאַטעריאַלן פון דער רעוואָלוציע.

און אָט באַווייזן זיך די כאַווערטעס טויבע און גיסיע. ביידע לעבעדיק. זיי ווייסן שוין, אַז איך פיל זיך בעסער. אין דער פאַרנאַכטיקער אויסגאַבע האָט די פרויען־צייטונג איבערגעגעבן אַ באַריכט פון אַלע פאַרוואונדעטע העלדן.

זיי פירן אָן מיט די קינדער־שולן, זיי האָבן ליב די אַרבעט. כאַווערטע טויבע פלעגט אַרומלויפן איבער די הייזער קענוועסן קינדער. און כאַווערטע גיסיע פלעגט זאָרגן פאַר פינאַנסן.

זייער כאַלעם איז פאַרווירקלעכט געוואָרן: „יעדער קינד — אין אַרבעטער קינדער־שול".

אין צוויי טעג אַרום האָבן מיר די דאָקטוירים דערלויבט צו גיין אין גאַס. אויף די גאַסן פון דעטרויט איז געווען לעבעדיק און פריילעך. יעדער איינער האָט אויסגעדריקט אַ גרויסן שטאָלץ. „די לעצטע פעסטונג פון קאַפּיטאַליזם, אַמעריקע, איינגענומען, מיר בויען איצט אַ נייע וועלט!"

אויף דער נאַכט האָב איך באַזוכט אַ מאַסן־מיטינג פון „עלאַ מיי וויגינס שוועסטער": טויזנטער פרויען זיצן. ס'איז שטיל. דער זאַל פון הענרי פאָרד אויף וואודוואַרד און ווענטשעסטער באַלאַנגט איצט צו די פרויען קאַונסלס.

די כינעזישע כאַווערטע, וואָס האָט אָנגעפירט מיט די פרויען באַטאַליאָנען אין שאַנכיי רעדט וועגן מאָדערנע אַנשטאַלטן, וואָס די כינעזישע סאָוועטן האָבן איינגעאָרדנט צו באַפרייען די פרוי פון שקלאַפעריי אין הויז און קינדער־אויפברייגגען.

---

זיץ איך אין אַ ווינקל און קוק זיך צו, הער זיך איין און טראַכט:

„לענין האָט געזאָגט, אַז אָן דער אַרבעטער־פרוי וועט נישט קומען קיין קאָמוניזם".

ווערט מיר פריילעך אויפן האַרצן. מיר האָבן דאָך אַזויפיל קעמפּפערינס אַף דער וועלט, די שוועסטער פון עלאַ מיי וויגינס.

## לייבל און ניו-יאָרק

כאָטש גרופּקעלעך גרויע האָר קוקן ארויס פון אונטער זיין היטל, ווי פייגעלעך פון א נעסט; צוויי קנייטשן ציען זיך איבער זיין שטערן, וואָס צעווירען אים אין דריי שורעס — דאַרטן האַלט לייבל זייער אָפט זיינע פינגער און קריצט אויס זיינע געדאַנקען און זעאונגען; זיין פּלייצע איז אַביסעלע איינגעבויגן, צי פילט זי נאָך די שווערקייט פון דער ביקס און פּאַק, וואָס האָבן אים געטריי באַגלייט אַף די אוקראַינישע שלאַכט-פעלדער, אָדער די אויגן האָבן דעם קאָפּ אַביסל אַראָפּגעשלעפּט, קעדעי טיפער דורכ־קוקן די פּאָגראָם-און־מילכאָמע־בילדער, מע ווייסט ניט, — אָבער זיכער איז און אַלע זיינע נאָענטע ווייסן דאָס, אַז ער איז דאָך נאָך יונג.

לייבל איז א שווייגער. ער רעדט ווייניקער. דאָס איבעריקע דערשמייכלט ער פילאָסאָפיש. דערפאַר הערט איר אַזאַן אַלטע דערפאַרונג פון א יונגן. דעריבער זעט מען, ווי עס גייען אים נאָך איבערגעבערענטע וועלטעלעך, וואָס זייערע אשעס האָט ער צעשאָטן איבער זיין קאָפּ.

דער וועלט־שטורעם האָט עס ארויסגעריסן א ביימל, לייבל, אריבערגעטראָגן דעם יאם און פארזעצט אין ניו־יאָרק. די ערד איז דאָ פרעמד, האַרט. לייבל האָט ניט געוואָלט, ניט געוואָלט אָנעמען. האַרט־ערד האָט ניט געקאָנט, ניט געקאָנט שפּייזן אַן איבערגעזעצט ביימל. דעריבער איז דאָ לייבל פון אויבן, ניט אפן באָדן. דערפאַר וואקסט ער דאָ זייער לאַנגזאַם. בא יעדן טראָט, ארויפשטייג, פירט ער א גרויסן וויקועך מיט ניו־יאָרק.

מע נייט איין אַף פּשאָרעם. ער גיט נאָך א סאַך, א סאַך. ניו־יאָרק לאָזט נאָך א ביסעלע, א ביסעלע.

* * *

דעריבער זיצט לייבל אַף דער נאָז פון דער שיף. ער פילט זיך אפן האָדסאָן עפּעס היימישער. די בערג דערמאָנען אויך עפּעס. כאָטש קיין קאפּיטאַן איז ער ניט. אפילע קיין מאטראָס ניט. אָבער דאָס, וואָס ער האָט אוועקגעשטעלט זיין פּאָנעם, דער ווינט זאָל פּאַטשן; זיינע אָפּגעקראָכענע שווארצע האָר זאָלן טאַנצן, באַווייזט, — אַז לייבל פּארמאָגט נאָך העלדישקייט.

די שיף פירט ניו־יאָרק אַף וואקאציע. וואָס וויסט שיף: רעדער־וואו, וואו, כוואליע. קעסלען־קאָו, קאָו, קאָו. און אַז פון אויבן טריפּט א רעגנדל. די הימלען זיינען פּארוויינט. די בערג — באַדעקט מיט א גרויען שלייער. די פּאַסאַזשירן — אַנגעכמורעט, וואָלטן זיך צעוויינט, נאָר זיי שעמען זיך, לאַכן דעמאָלט האָדסאָן־כוואליעס, הוידלען זיך צו דער שיף און כויזעקן: כאַ־כאַ, כאַ־כ־ך. אָבער פּארפּרעמדטע ניו־יאָרקער מענטשן זיצן אין ווינקלען און שאָקלען גערדאַנקען: שיי־נע וואַ־קאַ־ציִ־ע!

ארום לייבלען זיצט אָבער א כאָפּטע יונגען מיט באָכערטעס. מע מאַכט זיך ניטוויסנדיק, ניט־פילנדיק. מע לאַכט. ניו־יאָרקער פּריצימלעך שטעכן מיט בייזע אויגן. אָבער וואָס פּארשטייען זיי? — דעריבער איז לייבל אַזוי אויפגעלייגט, צעכראָסטעט. ער קעמפּט קעגן ניו־יאָרקער בייזע בליקן.

ער הערט אוים וויצן, מייסעלעך, מיט בײדע אויערן. ער דערציילט עפּיזאָדן. קורץ — דאָס איבעריקע דערשמייכלט ער פילאָסאָפיש. כעוורע האָט האַנאָע. ס'איז זייער לייבל. זיי לייענען אים. זיי קענען אים.

* * *

פּריילעכלאַנד.

לייבלס שיף־כעוורע האָט זיך געגעבן א צעקייקל, ווי פּול־יאָרערדיקע נים פון א בערגל, און ערגעץ פּארלוירן געוואָרן אין

די געצעלטן. לייבל האָט זיך ארומגעדרייט א צעטומלטער. צופיל מענטשן זיינען „זייער צופרידן אים צו קענען". מיידלעך זשומען ארום אים, באַלעקן אים האַניקדיק, באַשמייכלען אים ציניש — בינען. אָט, אַן ערנסטן כאַוועך געפּאַקט. מע פילאָסאָפּאָ־פּראָבלעמעוועט. מיידלעך מוזן הערן, מע שטורכעט זיך.

קלינג־קלאַנג־גע־ריי.

מע לויפט, מע שטופּט זיך עסן. ווי שעמען זיך ניט מענטשן צו קלאַפּן אַזוי מיט די טעלער? — כליאַפּטשען מיט אַזאַ אַפּעטיט? — לייבל עסט און קוקט אויף טיש און הענט און מיילער.

פּאַליע, א מיטינגאַווע באַקאַנטע. ער זעט זי אַלע וואָך. אָבער אויף די מיטינגען זעט ער ניט פּאַליעס מיידלשקייט. דאָ איז זי שענער. איר קיילעכדיק פּאָנעם איז אָפּגעברענט געוואָרן. די לאַנגלעכע נאָז (אָ, ווען ניט די לאַנגלעכע נאָז, וואָלט זי צעברענט באָכערים). איז עפּעס אויך, דאַכט זיך, קירצער געוואָרן. אירע שווארצע אויגן שווימען שטענדיק. זיי זוכן. און איר מויל מאַלט דאָ פּונקט אַזוי שנעל, ווי בא די ניו־יאָרקער מיטינגען.

פּאַליע זיצט בא דער זייט און פירט לייבלס בליקן איבערן אוילעם און זאָגט א וויץ וועגן יעדן. לייבל מאַכט קורצע באַמער־קונגען און שמייכלט אונטער.

— כאַוועך לייבל, מיר וועלן דיך ארויסשיקן פון פרייליכ־לאַנד!

— ס'הייסט?

— אָט אַזוי. א מענטש זאָל ניט אראָפּציען זיין ערנסטקייט פון פּאָנעם!

לייבל האָט זיך צעלאַכט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז פּאַליע מיינט עס גאַנץ ערנסט. ער האָט מיט זיין האַנט ארומגעשלענגלט איר טאַליע. זי האָט זיך פאַרוויטלט און צעשמייכלט: „אָט אַזוי, לאַך".

— נו קום זשע דערפאַר זיך שיפן! — האָט לייבל געבעטן.

מיידלעך, איינזאַמע גרופּעס מיידלעך, האָבן נאָכגעשיקט קינע־אויגן.

* * *

פּאַליע האָט געשיפּט און לייבל האָט גערעדט:

... — און ווען די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז די זון אַרויסגעקראָכן. אַלע זיינען מיטאַמאָל געוואָרן לאַכנדיק. מע האָט זיך אַריינגעפּאַקט אין אויטאָמאָבילן. איך בין געזעסן מיטן שאָופער. ערשטנס, האָב איך פריִער געוואָרן געווינערט. און צווייטנס, האָב איך זיך געפילט גאַדלדיק, לעבן אַ פירער איז מען אויך אַ שטיקל...

... — דערמאָן ניט ניו־יאָרק. כ'בעט דיך. דאָ איז אַזוי גוט, גרינגער, פרייער צו טראַכטן. ביימער, גראָזן, וואַסער און געצעלטן.

* * *

פאַרנאַכטלעך.

לייבל איז עפּעס אַריינגעפאַלן אין אַ לאָך־אויוון. די פלאַמען פון געלעכטער האָבן אים אויך אַרומגעכאַפּט, איז ער געבליבן ליגן אַרום כעוורע. האָט מען געזונגען, האָט ער אויך געזונגען. האָט מען זיך געוויצלט, האָט ער אויך געלאַכט. ער איז ניט אָפּגעשטאַנען. ער האָט אַפילו דערציילט אַ פּאָר שיינע מייסעלעך.

די נאַכט האָט פאַרכאַפּט די גאַנצע מאַכט. שווער געווען צו דערקענען מענטשן. פּאַליע האָט באַקאַנט לייבלען מיט אַ מיידל. ס'איז פינצטער. בלויז הענט און ווערטער נעמען אַנטייל. פּאַליע האָט זיך אַנטשולדיקט און איז אַוועק.

ווייזט אויס, אַז דאָרטן, הינטער יענע ביימער, האָט זיך פּאַליע אָוועקגעשטעלט, אַ דריי נעטאָן אַ קאָרבע: האָט זיך אויפגעהויבן דער ווינט און רעגן, וואָס האָט אים באַטאָג באַגלייט אויף דער שיף. פּאַפּירלעך מיט שטרויען, מיט זאַמדעלעך האָבן געטאַנצט אַ פריילעכס. די טראָפּנס האָבן געפּייקלט איבער די ביידלעך. פריילעכלאַנד איז זיך צעלאָפן אין די געצעלטן.

* * *

איז לייבל געזעסן מיט פאַליעס כאַווערטע און גערעדט. ער האָט אפילע פאַרגעסן איר נאָמען. פאַליע וועט דאָך קומען באַלד אין איר געצעלט אריין, וועט ער שוין געוואָר ווערן.

זי, פאַליעס כאַווערטע, קען אים. זי האָט געלייענט זיינע זאַבן. עס געפעלן אים זיינע העלדן, זיינע פרויען. פאַרשטייט שוין לייבל אביסל מיט וועמען ער רעדט. אָבער ער וואָלט וועלן, אז זי זאָל אים דערציילן ווער זי איז. אָבער ער וועט ניט פרעגן. אפילע איר נאָמען ניט פרעגן. דאָס וועט מאַכן פרעמדער. הייבן זיינע הענט אָן רעדן. זי פראָטעסטירט שטיל, פון געוואוינהייט וועגן, אָדער קעדעי מער אים אויפרייצן. באַשמירט ער די צייט מיט זיידענע ווערטער פון זיין מויל. ער הערט איר שטילן שמייכל. ער דערפילט אירע ברוסטן. זיי הוידלען זיך. זי בעט זיך שטיל בא לייבלען, זי איז ניט בייז, זי בעט זיך. ן לייבל ניט ליידן איר געבעט, פאַרשליסט ער איר דאָס מויל מיט זיינע ליפּן...

אפן געצעלט קלאַפּן טראָפּנס, דזשיגען. פון אזא הויכקייט קומען זיי. זיי ווילן שוין רוען. אָבער ביידל־דאך, איז צוויי־בערגלדיק, גלאַטער וועג אראָפּ. לאָזן טראָפּנס איבער נאַסקייט און קייקלען זיך צו דער ערד.

פון דער קאַסינאָ טראָגן זיך פריילעכע טענער, מוזיק, טענץ, הוליעריי...

* * *

ווען לייבל האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער דערזען גאָר פאַליען. זי איז געשטאַנען מאַמזעריש: די הענט אריינגערוקט אין די קעשענקעלעך פון די קורצע קעמפּ־הייזלעך. איין קני אביסעלע איינגעבויגן. די שוואַרצע האָר — גלאַט, אינגליש. צוויי בייזע בליקן האָבן אים געשטאָכן.

לייבל האָט זיך אוועקגעזעצט אפן בעטל, זיך באַקוקט, זיין צעקנייטשטקייט — זיך דערקענט. ער האָט אביסל געטראַכט, פאַרויכערט, אָנגענומען פאַליעס האַנט און זי אוועקגעזעצט לעבן זיך.

— פּאַליע, נעם צו דיינע בליקן. דו ווייסט, אַז איך האָב אַזוי פיינט ניו־יאָרק און איך בּיינק אַזוי נאָך ניו־יאָרק. מיין ניי־מאַשין איז מיין בעסטער פריינט און פיינט. איך האָב אַזוי ליב צו שרייבן באַנאַכט און איך בין אין קאַעס אַף דעם. ווען מיר אַמאָל שאַלעם מאַכן מיט ניו־יאָרק?

— צי דו ביסט שיקער פון דער נאַכט, צי דו פילאָסאָפירסט?

— רייב דיר אויס די אויגן! — האָט פּאַליע אַוועקגעשטעלט פאַר לייבלס אויגן א צעטעלע.

„געערטער לייבל!

איך האָף, אַז איר וועט וועגן מיר ניט טראַכטן אומריין. אַזא צופאַל. ניט געוואָלט אייער שלאָף שטערן. פאַרגעסט.

פעני“.

לייבל האָט איבערגעלייענט צוויי מאָל. זיך צעשמייכלט. געדרייט דאָס צעטעלע אַףביידע זייטן. מער ניטאָ.

— איז ווער איז זי, פּאַליע, דיינע א כאַווערטע?

— א האַלבע.

— ס'הייסט?

— ווי דו. שטייסט אין דער ארבעטער באַוועגונג מיטן מאַנטל און קאַפּעליוש. ביסט פון ערגעץ געקומען, באַקוקסט, באַטראַכסט, באַשרייבסט, פילאָסאָפירסט. וועסט ווען, — וועסטו ארויסגיין. זי, פעני, איז פון די ניו־יאָרקישע ליטעראַרישע עלטערע מיידלעך. עסט אָפּערעס מיט ברויט און טרינקט קאָנ־צערטן מיט סאָדע־וואַסער. זי ארבעט אין שאַפּ, אָבער זי איז ניט קיין ארבעטערקע.

— קום, פּאַליע, לאָמיר זי אויפזוכן.

פּאַליע האָט זיך צעשמייכלט:

— זי איז שוין אין ניו־יאָרק!

* * *

לייבל האָט זיך ארומגעדרייט אין קעמפּ א פאַרכאַלעמטער. ער האָט געזוכט פעניען. צווישן די געסט איז זי שוין ניטאָ. דערי־בער האָבן זיינע בליקן געהאַנגען העכער פון מענטשן־קעפּ. ערגעץ אַף דעכלעך, אַף ביימער, אַף בערג־שפּיצן האָבן זיי געשפּאַצירט.

איז צו וואָס־זשע זיך שלייען אַ פרעמדער צווישן אַזוי פיל באַקאַנטע? — איז לייבל אַוועק קיין ניו־יאָרק.

אין באַן צו פאָרן איז אַזוי איינזאַם. אַזוי פיל מענטשן אין איין שטוב, און אַלע זיינען פרעמדע צו לייבלען. און לייבל פאַר־שטייט עס און קען עס ניט פאַרשטיין.

קוקט לייבל דורכן פענסטער. די באַן לויפט באַם ברעג פון האַדסאָן, זי רייצט זיך מיטן טייך: „איך באַן, קען לויפן, דו טייך, ביסט אַ פאַרשלאָפענער, אַ שלעפער“.

לייבל דערמאָנט זיך: „פעני!“ ער שלעפט אַרויס דאָס צעטעלע, לייענט: „געערטער לייבל!... פאַרגעסט, פעני“. לייבל שאָקלט צו זיך מיטן קאָפּ: „פאַרגעסן!“ ער צערייסט דאָס צעטעלע אויף צווייען, פירן, אַכטן, פּיצלעך, ברעקלעך און שטיקלעכווייז וואַרפט ער זיי דורכן פענצטער: „פאַרגעסן, פאַר־געסן, פאַרג...“.

און באַלד איז שוין ניו־יאָרק: שאַפּ, מאַשין, סקריפּען אויף פּאַפּיר, צייטונג, זשורנאַל, ביכער, מיטינג, הו־הא. און ער לייבל..

הונדערטער טויזנטער מענטשן קומען אַלע טאָג קיין ניו־יאָרק — און פאָרן אַרויס. פון אַלע עקן לאַנד, דורך אַלע טויערן — אין דער וועלט־שטאָט. ווייסט דען דער ריזיקער קעסל, אַז ער, לייבל, קומט היינט? —

ניו־יאָרק לאַכט ניט, שמייכלט נאָר פון לייבלען.

לייבל נעמט אַרויס דאָס זייגערל. נאָך דאָ אַ פּאָר מינוטן צו טראַכטן. באַלד וועט ער אַריינגעוואָרפן ווערן אין קאָכעדיקן לעבן און זיך קייקלען, ווי אַ פּילקע, ווי אַ נוס, אַ ניסעלע, אַ גאָרנישטל.

באַנען וועלן אים טראָגן אינדערפרי און באַנאַכט איבער גאַסן, עוועניוס און געגנטן, ווי לענדער גרויסע. וויפל שטונדן פון זיין לעבן האָט ער צעלייגט אויף דעכער, אויף שילדן און רעלסענע וועגן? —

און טראָגן און יאָגן וועט עס אים שנעל און טרייסלענדיק, אַז די ביינער וועלן זיך אַזש אויפרירן. און וואַרפן אים גרינג, ווי אַ שטורם־ווינט — אַ פּאַפּירל, מיט בוידעק, מיט ביליקן שפּאַס.

לייבל און — נ י ו ־ י אָ ר ק!

# אַ מענטש איז הונגעריק

שטיל, פאַרשעמט און ווי עפּעס איינער, וואָס איז באַגאַנגען אַ גרויסע זינד, איז ראָבערט נאָכגעגאַנגען זיין פריינט. ערשט צוריק מיט אַ פּאָר טעג האָבן זיי זיך באַקאַנט. מאַקס ארבעט אין אַ פּרוכט־געשעפט. ארבעט שווער און זעלטן ווען ער רעדט מיט אימיצן וועגן זיינע אינטערעסן. נאָר ווען מאַקס האָט צום ערשטן מאָל דערזען ראָבערטן, האָט ער אָוועקגעשטעלט דאָס קעסטל מאַראַנצן און פּאַשעט געפרעגט:

— יונגערמאַן, ווי קומט איר צו ארבעטן אין מאַרק?

האָט זיך ראָבערט צעשמייכלט. אים איז עפּעס וואָרעם געוואָרן פון דער פראַגע. ווי קומט דאָס עפּעס, וואָס אַ מענטש, אַ פרעמדער מענטש פרעגט אים אַזאַ מין פרעגעניש. ראָבערט האָט אַ ברודער, ער האָט אייגענע, און קיינער האָט נאָך אַזעלכע פריינטלעכע אויגן אויף אים ניט אויסגעשטעלט. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געענטפערט:

— ניטאָ קיין ארבעט בײַ פערדן, האָט מיר מיין קאָזין געגעבן אַ טאָג ארבעט. שווער צו שלעפּן די קאַסטנס.

מאַקס האָט אים גוט ארומגעקוקט, זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אַזאַ קליין, דין מענטשעלע קען ארבעטן בײַ פערדן, האָט ער דראַמאַטיש באַדויערט:

— אַזוי, איז דער גרויסער העגרי פערד האָט שוין אויך ניט קיין מעלאָכע? — און מאַקס האָט זיך ווידער גענומען צום קעסטל מאַראַנצן.

אַ גאַנצן טאָג האָט מאַקס געקוקט אויף ראָבערטן. אַ מאָדנער מענטשל, דער פערד־ארבעטער, ווי אַזוי האָט אַזוינס געקענט מאַכן אָטאָמאָבילן? קליין, דין, טראָגט גלעזער, ווי אַן אינטעליגענט. שיטערע האָר אויפן קאָפּ, מיסטאָמע געצויגן זיך שוין אָנגעליטן אין זיינע בידנע פינף און צוואַנציק יאָר. נאָר אַ מין שנעלקייט אין זיינע הענטלעך. עס ארבעט ווי אַ ווייזעלע. עס פליען בײַ אים

די קעסטלעך. ער סאָפּעט שווער, זייער פּאַרטיפּט און אַלע מאָל קוקט ער זיך אַרום, צי שטייט ניט דער פאָרמאַן. קוקט אַרויף, ער זוכט די בעלט. און מאַקס האָט באַשלאָסן, אַז ער וועט שוין פון אים מאַכן אַ מענטשן.

און טאַקע אויף דער צווייטער נאַכט האָט ער אים מיט־גענומען צו דער דראַמאַטישער סטודיאָ. מאַקס איז געגאַנגען פאָרויס, ווי איינער, וואָס קען שוין יעדע טיר און יעדן איינעם און ראָבערט איז אים נאָכגעגאַנגען, ווי אַ נייער, אַ פרעמדער.

אין טיי־צימער איז געהאַנגען אַ טומל. די שטענדיקע באַ־זוכער פון אַרבעטער קלוב, וואָס שפּילן אין טשעקערס און רויבערן און רעדן זייער אַ סאַך פוסטע רייד, האָבן קימאַט ניט באַמערקט מאַקסן מיט זיין פריינט. מאַקס האָט גיך דורכגעשניטן דעם צימער און אריין אין גרויסן זאַל.

אין זאַל איז געווען פינסטער. אויף דער בינע זיינען געזעסן און געשטאַנען די מיטגלידער פון דער דראַמסטודיאָ און רעפּעטירט דעם איינאַקטער „דער הונגעריקער". דער רעזשיסאָר האָט גע־שריען, אָנגעוויזן, אַז מען מוז קענען די ווערטער אויסווייניק און קומען אין צייט. דערזען מאַקסן, האָט זיך דער רעזשיסאָר אויף אים אַרויפגעכאַפּט און דערלאַנגט.

מאַקס האָט אָנגעוויזן אויף ראָבערטן און געבעטן צו געבן אַ דערקלערונג. ערשט איצט האָבן אַלע זיך אַרומגעקוקט, נו, אויב ער האָט געבראַכט אַ נייעם מיטגליד, איז דאָך עפּעס אַנדערש. מיט־אַמאָל האָט ראָבערט ניט דערקענט דעם רעזשיסאָר און ניט די מיטגלידער, עפּעס גאָר אַנדערע מענטשן געוואָרן. אַלע האָבן אים אָפּגעשטעקט װאַרעמע בליקן, אַזעלכע פריינטלעכע, פונקט ווי מאַקס, ווען ער האָט אים דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט אין מאַרק.

די רעפּעטיציע איז ווייטער אָנגעגאַנגען. ראָבערט האָט גע־קוקט און האַנאָע געהאַט. עפּעס אַ פיינער קרייז מענטשן. און ער האָט ניט קיין פריינט. אַלע זיינע אייגענע זיינען אים אויך ניט קיין אייגענע.

מיטאַמאָל שטעלט דער רעזשיסאָר אָפּ די רעפּעטיציע, קוקט אַזוי אריין אין ראָבערטס אויגן און רופט זיך אָן:

— כאַווער ראָבערט, איר האָט אַמאָל געהונגערט?

ראָבערט האָט זיך אַרומגעקוקט צי קיינער לאַכט עפּעס ניט

פון אים:

— ניט איינמאָל, מיין פריינט.

— ווילט איר פּרואוון נעמען א ראָל?

— איך, א ראָל, איך קען דען? — איז ראָבערט רויט געוואָרן.

און אַז ראָבערט האָט אָנגעהויבן שפּילן, טרינקען די קאווע מיטן שטיקל ברויט, קנייטשן דאָס פּאָנעם, גלייך ווי איינער, וואָס האָט שוין לאַנג ניט געהאַט קיין ביסן אין מויל, — זיינען אַלע געבליבן זיצן דערשטוינט. — האָט דאָס איז א הונגעריקער! און פון דעמאָלט אָן איז ראָבערט געוואָרן א מיטגליד אין דער דראַמסטודיאָ. ער האָט מיטאַמאָל באַקומען אַזוי פיל פריינט, אַזוי פיל כאַווײרים. א גייע וועלט האָט זיך פאַר אים געעפנט. עמעס, ניט אַלץ פאַרשטייט ער נאָך, אָבער ער הערט זיך צו. ער וועט וויסן.

אויף דער צווייטער וואָך קומט ראָבערט צו דער רעפּעטיציע. עס איז נאָך אַביסל פרי, נעמט ער אַרויס די צייטונג א לייען טאָן. ווייסט ער ניט פון וואַנען מאַקס איז לעבן אים אויסגעוואַקסן מיט איוועז, וואָס שפּילט „די פאַרקויפערקע“. מאַקס שטעלט אויף אַף אים א פּאָר אָקסענע אויגן, גלייך ער וויל אים איינשלינגען. ראָבערט בלייבט זיצן א דערשראָקענער, ער קוקט אַף זיך, אַף אַלע זייטן, אָבער ער ווייסט ניט וואָס.

— וואָס לייענסטו, וואָס, דו, פאָרד אָרבעטער, דעם „פאָרווערטס“?

ראָבערט האָט ניט פאַרשטאַנען די פראַגע:

— וואָס דען זאָל איך לייענען? — דאָס איז דאָך א סאָציאַליסטישע אַרבעטער צייטונג.

האָט זיך שוין מאַקס אָוועקגעזעצט און דערלאַנגט א לעקציע. מאַקס האָט אויסגעשפּרייט די „מאָרגן פרייהייט“ אַפן טישל און אים געלייענט יעדן קאָפּ, יעדע שטיקל נייעס און דערנאָך האָט ער אויסגעשפּרייט דעם „פאָרווערטס“ פון דאָרטן געלייענט און דערקלערט. ראָבערט איז געזעסן, זיך איינגעהערט און געשאָקלט מיטן קאָפּ: — ער איז דאָך אַזוי געלערנט, ווי אַזוי טאַקע האָט ער ניט פאַרשטאַנען?

ווען די מיטגלידער זיינען זיך שוין צענויפגעקומען, דער רע-

זשיסער האָט אָנגעהויבן קאָמאַנדעווען, איז נאָך מאָקס געזעסן מיט ראָבערטן און גערעדט. אַז די כאַווײרים האָבן דערהערט, אַז ראָבערט לייענט דעם „פאָרווערטס", איז זיי אַריבער אַ גרויל און אַלע האָבן אויסגעשטעלט אויגן:

— וואָס?

דער וואָס פון דער גאַנצער דראַמסטודיאָ איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט שוין ניט געקענט מער איינזיצן. האָט זיך האַסטיק אַ הויב געטאָן און דערקלערט:

— כאַווײרים, איך וועל שוין מער ניט לייענען קיין „פאָרווערטס", איך האָב ניט פאַרשטאַנען. מיין ברודער האָט מיך אַריינגעפירט, מיך געבראַכט צו פאָרדן צו שקלאַפן און קיין פריינט האָב איך ניט געהאַט...

און ראָבערט האָט דערציילט ווי יונג ער איז געווען ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקע, אָן עלטערן. דער ברודער האָט אים געפירט, פיר יאָר בא פאָרדן געאַרבעט. און ווען ער פלעגט קומען פון דער פאַבריק איז ער געווען אַזוי אויסגעמאַטעט, אַז ער האָט גאָר קיינמאָל נישט געקענט טראַכטן...

די רעפּעטיציע איז דורכגעגאַנגען זייער גוט, און ראָבערט האָט שוין זיין ראָל דורכגעפירט אויסגעצייכנט.

און ראָבערט האָט אָנגעהויבן איבערלעבן שטורמדיקע טעג. זיין גאַנצע מישפּאָכע האָט אָנגעהויבן קעמפן קעגן אים. ער האָט זיך צעקריגט מיטן ברודער און מיט „פאָרווערטס". יעדע פרייע מינוט האָט ער אָפּגעגעבן דער דראַמסטודיאָ. שנעל, שנעל, ווי אַ מאַשין, האָט ער געשטעפּט זיינע טריטעלעך. געזאָרגט פאַר יעדער קלייניקייט. ער האָט דאָך איצט אַזאַ וויכטיקע אַרבעט, שפּיל קלערט אויף, אַרבעט־שפּיל העלפט דעם קאַמף פון אַרבעטער קלאַס. און אַזוי פיל פריינט באַקומען, אַזוי פיל כאַווײרים, מיט יעדן רעדט ער, שמועסט, שפּילט אַמאָל אַ דאָמינאָ, פאַרברענגט אָן אָוונט, ער איז געוואָרן אַ מיטגליד פון דער גרויסער אַרבעטער מישפּאָכע.

פון אַן אַנדער וועלט געקומען, איבערגעלאָזט יענע וועלט און אין אַ נייער אַריין. שטייט ער אַזוי פאַרטראַכט: וואָס וועט טאַקע זיין אַז דער קאָזין וועט אים ניט געבן קיין טאָג אַרבעט? — און בא פאָרדן איז אויך ניטאָ, ער נאַרט אָפּ אַלע מאָל. פאַר די זעקס כאַדאָשים צייט, פון אָנהויב 1931, האָט ער געאַרבעט צוויי וואָכן

און פאַרדינט דריי און דרייסיק דאָלער. א שיינער אָטאָמאָביל־אַרבעטער, א שיינער!

קומט אים אַזוי צו ליאָ, נעמט אים באַם אַקסל און קוקט אים אַריין אין די אויגן:

— ביסט גרייט, ראָבערט, אַריינצוטרעטן אין דער פּאַרטיי?

ראָבערט איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל, אַרויסגע־שלעפּט זיין גאַנצן קאָפּ פון קאָלנער־יאָך, א פּינטל געטאָן מיט די אויגן:

— וואָס מיינסטו, ליאָ?

— איך מיין צי ביסטו שוין גרייט אַריינצוטרעטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי?

ראָבערט איז געבליבן שטיין א פאַרכאָלעמטער. ער האָט זיך געגעבן א קראַץ גלאַט אַזוי, עס האָט אים ניט געביסן און ענד־לעך איז ער געפאַלן אַף א סייכל:

— ווייסט וואָס, ליאָ, איך וועל דיר מאָרגן זאָגן.

ליאָ האָט צייט. מאָרגן איז מאָרגן. די רעפּעטיציע איז זיך אָנגעגאַנגען, נאָר ראָבערט איז היינט געווען פאַרטראַגן. אַהיים איז ער ניט געגאַנגען אַזוי שנעל ווי געוויינטלעך, יעדע נאַכט. ער האָט געטראַכט דעם גאַנצן וועג: „פּאַרטיי".

א נאַכט איז ער ניט געשלאָפן. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט בילדער פון זאַכן, וואָס ער האָט, דאַכט זיך אין ערגעץ ניט געהערט, נאָר מיסטאָמע דאַרף יעדער מיטגליד פון דער פּאַרטיי טראָגן מיט זיך א מעסער אָדער א רעוואָלווער. און ווען מען הייסט, דאַרף מען גיין שעכטן, שיסן. און אַז ניט, הייסט מען זיך אוועקשטעלן אַפן שפּיץ פון א גרויסער מויער, אויפהויבן די רויטע פאָן און אַראָפּגעשאָסן ווערן. וועט ער, אַזאַ דינינקער, אַזאַ שוואַכער, דאָס קענען?

אָבער וואָס הייסט ניט קענען? — א קלאַס, א גאַנצער קלאַס פון מענטשן, וואָס בויען אַלץ אויף דער וועלט און האָבן גאָרניט, ווי אַזוי קען מען אַזאַ זאַך ענדערן? — ער וועט קענען. ער וועט זיך שטאַרקן. ער וויל טאַקע וויסן, זיך לערנען...

און ווען ער איז געקומען צום ערשטן מיטינג פון פּאַרטיי־קעמערל האָט ער גאָר דערזען פאַר זיך אַן אַנדער בילד: עס זיצן ווייסע און נעגערשע מענער און פרויען — אַרבעטער, אַזעלכע

ווי ער, מע זיצט רואיק, מען דיסקוטירט פראגן, מען דארף אויס־טיילן פארשידענע פראקלאמאציעס, בלעטלעך, פארקויפן פאר־שידענע בילעטן, ביכלעך, זיין בא מיטינגען, און אלע הערן אזוי פיין, איז וואס איז דאס פאר א שרעק? — דאס איז דאך די פארטיי פון ארבעטער?

אוואדע וועט ער אננעמען! און א נייע לעבן האט זיך אנגעהויבן פאר אים. אזא גרינג לעבן. בלעטעלעך און בלעטע־לעך. די גרויסע מישפאכע איז געווארן גרעסער. ווייסע און שווארצע און די גאנצע וועלט, א וועלט מיט ארבעטער דארפן באפרייען, שטעפ, שטעפ, לויפט ער מיט זיינע טריטעלעך, טראגט שטענדיק מיט זיך פעקלעך, פארטאן, פארטאן. רוקט ארויף אלעמאל זיין היטעלע, און ווייסט עס דער טייוול, עס פאלט עפעס אלעמאל אראפ. די גלעזער ווילן אויף דער נאז ניט זיצן. דער קאלנער איז צו שטייף, עפעס וויל ער פליען, צערייסן אלע קייטעלעך און קייטן, פריי, דארף ווערן די גאנצע וועלט.

און טעג אזעלכע פליגלדיקע מיט פולער פרייד: אט דארטן האט מען אריינגענומען נייע מיטגלידער... אין יענער שטאט — אזא דעמאנסטראציע, מען האט דארטן פארוואונדעט א פאר באוויירים. אט דאס הייסט קעמפער, אין פייער גיין. אין שיקאגא דריי נעגער ארבעטער דערשאסן, אין קליוולאנד צוויי נעגער ארבעטער דערשאסן. אט דאס זיינען קעמפער, יא, ער וואלט שוין געקענט גיין אין פייער אריין, ער וואלט ניט מוירע געהאט. גרייט זיין לעבן געבן, שארפער, ברוויזנדיקער, שטורעמ־דיקער ווערט דער קאמף פון ארבעטער קלאס.

און מיטאמאל איז פון ערגעץ אנגעקומען א דריי־ווארטיקער רוף: „פ א ר ד ה ו נ ג ע ר מ א ר ש!“ די דריי ווערטער זיינען גלייך אריין אין זיין מויעך, אין זיין הארצן, אין זיינע געדערעם. פ א ר ד — זיין באלעבאס, מיט וועמען ער האט נאך קיינמאל קיין ווארט ניט גערעדט. איי וועגן ער קען אים טרעפן ערגעץ איינעם אליין, אין א שטיל געסל, וואלט ער גלייך אראפ־געכאפט די גלעזער און אים דערלאנגט. און עס ארט אים שוין ניט, וואס דערנאך וועט זיין. נאך הענרי פארד פארט אין קארעטן מיט היטערס. די גאנצע רעגירונג איז מיט אים, די סאלדאטן, די פאליציי. פארד, פיר יאר פון זיינע יונגע יארן אויפגעגעסן.

און וואָס איז ראָבערטן געבליבן נאָך די פיר יאָר. און וואָס איז פאָרדן געבליבן נאָך די פיר יאָר?

פאַרטאָג. פאַרשלאָפן. קעסטעלע מיט שפּייז און דאָס גרויע היטל, קומט ער אָן מיט מאַכנעם ניט־געשאָבטע, אויסגע־מאַטערטע פּענעמער, שטילע. יעדער מיט זיין סאָד. יעדער מיט זיין טרויער. אַריין. זיך געשטעלט. עס רוישן שוין די מאַשינען, און שטיי, כאַפּ אַראָפּ דאָס קווערטל פון דעם מאָטאָר, א רייב און אויפגעהאַנגען און דו פילסט ווי דיינע הענט ווערן שוואַכער, אָט, אָט, אָט, און זיי לאָזן זיך אַראָפּ. א האַלבער טאָג, די הענט בלייבן שוין הייגגען ווי שטיקער האָלץ. מען רוט זיך אַביסעלע אויס, מען כאַפּט עפּעס אין מויל, מען קען שוין רירן ווידער מיט די הענט, א פייף און ווידער רוישן די מאַשינען. די לאַנגע קייט ציט זיך, הענט הויבן זיך אַרויף, ווי צו א גאָט, נעמען אַראָפּ א קווערטל, א שאַרף, א מאָטאָרל, גיבן עם א גלעט, א טוליע, הענט הויבן זיך נאָכאַמאָל און הייגגען אויף. און שנעל, שנעל, גייט די אַרבעט, און עס דאַכט זיך, אַז א פאָלק מיט מענער שטייען און דאַווענען צו א קייט, דער גאָט־מאַשין. מענ מען שרייען, טומלען, רוישן — נאָר די דאַווגער מוזן זיין שטיל, טאָן די אַרבעט שנעל און גוט. די הענט אַרויף, אַראָפּ אינזייט, אַרויף, אַראָפּ, אינזייט, שנעל, שנעל, שנעל; אָט כאַלעשן הענט — אָט פאַלן זיי אַראָפּ, פאַלן, פייף. און ווי אויסגע־קוועטשטע דורך מאַשין־פּרעסערס, וואָס האָבן דעם גאַנצן זאַפט און דאָס גאַנצע בלוט געלאָזט אין פאַבריק, שאַרן זיך אַרויס גוילמ־דיקע קערפּערס.

אַזוי געאַרבעט יעדן טאָג, און אַזא מין לעבן קען מען אויך ניט קריגן, הענרי פאָרד או, או, או...

הונגער! ווי שרעקלעך דאָס וואָרט קלינגט. ראָבערט האָט נאָך ניט געהונגערט. נאָר אַביסעלע צוגעהונגערט. ער הונגערט אונטער אַביסל. עס פעלט אויס, דער קאַזין האָט אויף אים ראַכמאָ־נעס, ראַכמאָנעס. פע, ער האָט עס פיינט. נאָר ער האָט אַזוי מוירע פאַרן הונגער. ער דערמאָנט זיך אין טעג ווען אין בויך הויבט אָן צו בורטשען. און כאַווירים האָבן ניט קיין קליין־געלט אויסצולייען, א שוידער. ווערט ער פאַרביטערט. א שוים צעבייזערט זיך אויף די ליפּן: מ מ מ ...

מיר וועלן גיין צו פּאַראַדן. מיר וועלן מאַרשירן אין „פּאָרד הונגער מאַרש“. און איבער גאַסן און געסלעך איז ער אוועק מיט בלעטלעך און ביכלעך צו שוואַרצע און ווייסע, צו די האַרעפּאַשניקעס אין די שטיבעלעך: קומט, קומט, לאָמיר מאַרשירן צו הענרי פּאָרד. ער וועט געבן אַרבעט, ער מוז געבן אַרבעט, און אויב ער וועט ניט געבן? וועלן מיר כאָטש וויסן, וועלן מיר אַנדערש אָנהויבן טראַכטן, פאַרשטייסט, דו אַרבעטער? — אַף מיטינגען און זיצונגען געגאַנגען און דערמאָנט און געמאָנט: געדיינקט! פּאָרד הונגער מאַרש!

זונטיק. זעקסטער מערץ. אַרום אַרבעטער זאַלן קלייבן זיך מאַסן, ראָבערט לויפט אַרום און קוקט און קוקט. דאָס מויל איז אָפן. ער שלינגט די מענטשן, ער ציילט. יאָ, מען קומט. מען האָט פאַרשטאַנען אונדזער וואָרט. שאַ, וואָס איז עפּעס געווען דער זעקסטער מערץ? — אָ, ער דערמאָנט זיך. 1930, הונגער דעמאָנסטראַציעס, און דעמאָלט האָט ער נאָך ניט פאַרשטאַנען. דעמאָלט געזידלט די קאָמוניסטן, ער גיט זיך אַ קלאַפּ אין קאָפּ: ווי אַזוי האָט עס אַ פּאָרד אַרבעטער ניט געקענט פאַרשטיין? — בלינד געווען.

מען שטעלט זיך אויס. פּיאָנערלעך. פּיאָנערלעך פּאָרויס. נעגערשע, גריכישע, איטאַליענישע, אידישע פּיאָנערלעך, שול פּיאָנערלעך.

איי, טייערע קינדערלעך, זיי וועלן שוין זיין איינמאָל קעמפער. און אים טוט באַנג, וואָס ער האָט ניט געקענט זיין קיין פּיאָנער. אַזאַ פרייד אַף זיי, ווי שטאָלץ זיי טראָגן די רויטע פאָן!

מענער און פרויען, אַלערליי שפּראַכן, ווייסע און שוואַרצע — איין קלאַס, מיר מאַרשירן צום גרויסן זאַל, דאָרטן וועלן מיר רעדן וועגן פּאָרד הונגער מאַרש. מיר וועלן זיך מאָביליזירן.

מען גייט, מען זינגט. עס זינגט די גאַנצע גאַס. די גאַנצע שטאָט. די גאַנצע וועלט. ראָבערט הערט איצט דאָס געזאַנג פון דייטשישע קעמפער, פון כינעזישע סאָוועטן, פון אַרבעטער פאָטערלאַנד. אָ, זיי ווייסן אומעטום, אַז מיר גרייטן זיך, מיר האָבן אַ קאָמוניסטישן טעלעגראַף אין יעדער אַרבעטער האַרץ איבער דער גאַנצער וועלט. „דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער...“

און ברייט צעעפנט ראָבערט זיין מויל. ער שלינגט די רויטע

פֿאַן, דעם סערפּ און האַמער. מען קוקט אויף אונדז דורך טירן און טויערן, מען באַגריסט אונדז. אַלע זיינען מיט אונדז. היינט, מאָרגן, מיר וועלן אַלע גיין איבער די גאַסן מיט רויטע פֿאָנען. „מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל, שטייט אויף איר אַרבעטסלייט!“

דער זאַל איז געפּאַקט, מען זיצט און מען שטייט. דעקאָרירט מיט קאָמפּעריש רויט, מיט רעוואָלוציאָנערע פֿאָנען. און געזאַנג און פֿרייד און רייד, וואָס טרייסלען אויף, פֿון די רייד צינדט זיך אָן באַ ראָבערטן אַ מאָטאָרל אין האַרצן און צוקט און צוקט. ער וואָלט איצט געוואָלט אַ פֿלי טאָן קיין מאָסקווע, קיין בערלין, קיין שאַנכיי: „איר ווייסט, כאַווייירימלעך, מיר גרייטן זיך“ — און קומען גלייך צוריק.

און ווען דער פּאָרזיצער רופֿט אַרויף די דעלעגאַציע פֿון פֿאָרד הונגער מאַרש, גיט עס אים אַ דרינגדזש, ער איז אַ דעלעגאַט, ער אויך, און ווען ער שטעלט זיך אויס מיט די איבעריקע ווייסע און שוואַרצע פֿאָרד אַרבעטער, ווערט ער אַזוי גרויס, אַזוי גרויס. מיטאַמאָל אַזוי אויסגעוואַקסן. ערשט איצט האָט ער דערזען דעם יאַם מיט מענטשן. וויי, וויי. עס שווינדלט אין קאָפּ. טויזנטער, טויזנטער, און אַלע אויגן קוקן אַף אים. טראָפּנס, טראָפּנס. מיליאָנען בליקן אַף אים. ער איז איצט אַף דער בינע — אַ קאַפּיטאַן אַף דער שיף. וואָלט ער זיך אַ לאָז געטאָן, ער וויל עפּעס טאָן, ער קען ניט איינשטיין רואיק. ער קוקט אין אַלע זייטן, אָט אַזוי אָ, ווי אַ פֿיש, אַ שווים געטאָן, איבערן פּראָלעטאַרישן אָקעאַן, אָ, אָ, ווי גוט עס איז מיר איצט! און יעדן איינעם וואָלט ער דערציילט פֿון זיין לעבן, פֿון זיינע פֿיר יאָר באַ הענרי פֿאָרד פֿון, — פֿון . . . ער ווייס ניט וואָס צו טאָן. צעשמייכלט ער זיך, און זיין שמייכל, און די שמייכעלעך פֿון אַלע דעלעגאַטן צעגיסן זיך איבערן פֿלאַך פֿון מענטשן־יאַם. און מיטאַמאָל ווערט ער עלעקטריזירט. איין סעקונדע געבליבן שטייף. אַ שטיק דראָט. „יאָ — האָט דער יאַם געזאָגט — מיר וועלן גיין מיט אונדזערע דעלעגאַטן, יאָ!“, „מאָרגן וועלן מיר פֿאָדערן ברויט און אַרבעט. אונדזער ברויט און אונדזער אַרבעט באַ הענרי פֿאָרד“.

און די גאַנצע נאַכט איז ראָבערט ניט געשלאָפֿן, ווי קען מען שלאָפֿן? פֿאַרטאָג איז ער אַרויס פֿון הויז. אַ פֿראָסט אויף דער

גאס, עס ברענט אין פּאַנעם. די נאַז ווערט גלאַז. וועט מען גיין? — מע וועט גיין!

אין ארבעטער היים איז שוין פריילעך, יאַטן טאַנצן. ווערט וואַרעמער אין די ביינער. אוים פראָסט. דער טראַק ווערט אָנגעפּאַקט מיט פּלאַקאַטן און ארבעטער און אוועק מיט געזאַנגען, אַפן גרויסן פּלאַץ שטעלט מען זיך אָפּ. די ערשטע געקומען. נאָך ווייניק. זייער ווייניק. ארבעטלאָזע האָבן ניט קיין גאַנצע שיך, וואַרעמע קליידער, אַ פראָסט. עס ברענט. נאָר פּאַוואָלינקע, פּאַוואָלינקע, קומען אָן גרופּעס ארבעטער פון קארס, פון מאַשינען, פון גאַס־באַסעס, מער, מער, מערער. עס ווערט וואַרימער, זע, שוין אַ גרויסע מאַסע. ארבעטער שפּרינגען ארוים פון די טראַמווייען, באַצאָלן פאַרן פאָרן? — ניטאָ, ברודערקע, קאָנדוקטער, שטעל צו צו העגרי פּאָרד אַ רעבענונג! און אז פּאַראַקשנטע קנעפּל־מענטשן האָבן זיך געפּרואווט, נו, נו, האָט מען זיך אַ לאָז געטאָן, גרייט די קאָר צו צעפּלעכטן.

שטיל. דער בלאָנדער פירער אַפן טראַק. אַ צייכן מיט דער האַנט און אַלע קוקן שוין אויף אים: „כאַוויירים, מיר וועלן גיין שטיל, מיר וועלן גיין צו העגרי פּאָרדס פּאַבריק פאָדערן ארבעט!“

און גלייך, צו פיר אין אַ ריי, מיט פּלאַקאַטן אין די הענט, מיט געזאַנג און רוף אין מויל, אוים פראָסט, וואַרעם ווערט ווידער אין די ביינער, ראָבערט גייט אין דער ערשטער ריי, ער איז אַ דעלעגאַט.

מיטאַמאָל האָט עפּעס אַ טריפּע געטאָן אין הארצן. די אויגן זיינען געוואָרן באַ אים גרויס. ווער שטייט דאָרטן? — פּאָליציי, צעשפּרייט, אַ קייט, גרייטע אין שלאַכט. מיר וועלן גיין, מיר גייען!

„דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער...“

און מיטאַמאָל: קנאַק, רויך. עפּעס ווערט אים ביטער אין די אויגן. טרערן באַמבעס. עס גיט אַ ברום ארויס עפּעס פון הינטער ראָבערטס פּלייצעס. אַ לייב איז בייז געוואָרן. און געשריי, און שטיינער פליען, ראָבערט כאַפּט אַ גרויסן שטיין. ער וועט קוים אוימיצן, ער זעט שאָטנס לויפן, ער הערט שרייען, מען טראָגט אים, עס בלאָזט אַ ווינט, דער ווינט טרינקט אוים דעם רויך פון זיינע אויגן. עס ווערט אים ליכטיקער, ער לויפט, מען

שרייט, שטיינער פליען, שאָס, שאָס, רויך, וואָלקנס: „מיר האָבן פאַרטריבן דעם סוינע, מיר האָבן פאַרטריבן!"

ראָבערט קוקט זיך אום, פונוואַנען האָבן זיך גענומען אַזוי פיל מענטשן? פון דער ערד אויסגעוואַקסן, פאַרד־אַרבעטער מיט קעסטלעך אין די הענט. דאָס האָט מען זיי טאַקע היינט אָפּ־געזאָגט. מען לויפט, מען שרייט, אריין אין גרויסן הויף. די פאָליציי לויפט. עטלעכע פאָליסלייט אויך אָוועקגעפירט. וואַסער וויל מען שיסן. עס שטייען פייערלייט און גרייטן צו. ראָבערט ווערט אַ פאַרציטערטער און פון זיין האַלדז רייסט זיך אַרויס אַ רעווע: „כאַווײרים, לאָזט ניט אָנשטעלן קיין וואַסער!" און מען האָט אים געפאָלגט. אַ גאַנצע מאַסע האָט זיך אַוועקגעלאָזט. אַך, ווי די פייערלייט זיינען געפלויגן, קוים מיטן לעבן אַוועק.

און אָט איז מען שוין לעבן אָפּיס. פון צווייטן שטאָק שיסט מען מיט וואַסער, מיט גאַזבאָמבעס, מיט קוילן, מ י ט ק ו י ל ן! זיי וואַגן. יאָ, פון הויף ברויזט. מאַסע וויגט זיך אַהער און אַהין. מען לאָזט ניט צו. אַ פּרואוו אַרויפצוגיין — פייער באַגעגנט. כאַווײרים פאַלן, קרעכצן, מען פירט אַוועק. אַ ברויז. ראָבערט איז ווילד. די אויגן פליען אים אַרויס. אַ פּיענע גייט אַרויס אויף די ליפּן. און מיטאַמאָל טאַ־טאַ־טאַ־טאַ־טאַ — עס קנאַלט אין די קאַרס. עפּעס האָט ער דערפילט אַ קיצל. ערגעץ האָט ער דערפילט אַ וואַרעמקייט: לעבן האַרצן, לונגן, ריפּ... וואָס זאָל דאָס זיין, אַ קויל?

ראָבערט טאַפּט מיט זיין האַנט. עפּעס קלעפּט זיך. עס הויבט אָן ציפּן. עס קילט שוין. ער דערפילט אַ שוואַכקייט. עפּעס שטאַרבט אַ האַנט, אַ פוס, אַ האַלבער קאָפּ. יאָ, ער איז געשאָסן, ער פאַלט. אויף וואָס איז ער געפאַלן? עס קנאַלט איבער זיין קאָפּ. מענטשן לויפן, עס ברויזט. אויף וועמען ליגט ער? — אַ מענטש, יאָ עס איז אַ מענטש. ער טאַפּט דעם מענטשן, ער לעבט? — דער מענטש ליגט און שוויגט. ראָבערט קרעכצט. ער וויל אויפהויבן יענעמס פּאָנעם, ער קען ניט. ער שפּאַרט זיך אָן מיט דער לינקער האַנט, הויבט זיך, וואַקלט, וואַקלט זיך און פאַלט. אַרבעטער גייען צו דער אַרבעט. ווי קומט ער אין הויף, אין הויף גומער דהיי? — ער האָט דאָ דריי יאָר געאַרבעט אין דער אָפּטיילונג. ער שטרעקט אויס אַ האַנט, ער בעט זיך:

„פירט ארויס, פירט ארויס!" מען הויבט אים אויף און מען טראָגט אים אריין אין אַ מאַשין.

עפּעס הערט ער ווי דער מענטש, וואָס פירט אים, בעט זיך בא אים: „מען וועט מיך אָפּזאָגן, איך קען דיך ווייט ניט פירן". אין דרויסן שטייען מענטשן, אַ בינשטאָק. די היטלען פאַרדרייט, שאָטנס. עס האָט אימיצער פון זיי געשפּאַסט. עס האָט אימיצער פון זיי זיך אויסגעלאַכט. ראָבערט בלייבט שטיין אַ מינוט. דער פאָרד־אַרבעטער פאָרט צוריק אריין צו דער אַרבעט. ער שטייט און קוקט און קוקט אויף דעם בילד. ער ווייסט ניט וואָס דאָס איז. וואָס שטייט מען נאָך? מען שיסט דאָך. עס גיט ע — פּעס אַ רים און ער פאַלט.

זע. ער איז ווידער אויף אַ מאַשין. אָט זיצן דאָך כאַוויירים. ווי קומט איר אַהער? — גיין, ער איז ניט געשאָסן. מיסטאָמע אַ קלאַפּ פון אַ שטיין. אָבער דאָס היטעלע, וואָס טוט מען מיטן היטעלע? ראָבערט איז געלעגן אויף כאַוויירימס הענט. אימיצער האָט אים גענלעט, לעבן אָרט, וואו עס האָט ווי געטאָן, צופּט איצט. ער פילט אַ האַנט אַלעמאָל. עס איז אים גרינגער. אין האַנט האַלט ער מאַקס' היטל. ער געדיינקט, אַז נעבכן האָט אים מאַקס געליגן אַ היטל. ווי אַזוי זשע וועט ער איצט אָפּגעבן מאַקסן זיין היטל? מאַקס דאַרף עס האָבן. קנייטשט ער עס, ביז אימיצער נעמט עס בא אים אַרויס.

און אָט פירט מען אים אין שפּיטאָל. שווער — אוי, איז שווער צו גיין... עפּעס האָט מען אים איבערגעשניטן אויף צווייען. אוןביידע העלפטן מוזן זיך זיין זייער נאָענט, אַז ניט וועלן זיי זיך איבערברעכן, גייט ער קוים. אוי, ווי שווער... מען האָט אים אַוועקגעלייגט. אָט איצט איז בעסער, גוט אַזוי צו ליגן. שטייען עפּעס מענטשן איבער זיין קאָפּ, מען פרעגט אים פראַגן:

— נאָמען?

— ראָבערט.

— יאָרן?

— 25.

— צו וואָס געגאַנגען אין מאַרש?

— זוכן אַרבעט.

פאַרשרייבן מענטשן. מען גרייט זיך נעמען בילדער. ער וועט זיי אָפּטאָן אַ שפּיצל, קאַפּיטאַליסטישע אונטערלעקער, און פּונקט ווען זיי האָבן גענעבן דעם שנאָל, האָט ער פאַרשטעלט זיין פּאָנעם. ער וויל ניט, ער וויל זיי ניט געבן זיין פּאָנעם.

גרינגער אַביסל. קיינער שטייט שוין ניט לעבן זיין בעט. מען האָט אים פאַרבונדן זיין האַרץ און בויך. ער ווייסט נאָך ניט וואו ער איז פאַרוואונדעט. ער קוקט זיך אַרום, גראַטעט אויף די ווענט. וואָס איז דאָס? אין אַ שפּיטאָל גראַטעס? טאָקע באַלד צוגעקומען אַ פּאָליסמאַן מיט אַ גרויסער קייט. פאַר אים די קייט? יאָ, ער וויל אים צוקייטלען צום בעט. „דו וועסט ניט וואַגן!“ — שרייט ער אויס מיט אַלע קויכעס. דער פּאָליסמאַן שרעקט זיך ניט אָפּ פאַר אים. צענעמט די קייט. ראָבערט דערקלערט, אַז ער וועט דאָך ניט אַנטלויפן, ער קען ניט, ער וועט עפּשער באַלד שטאַרבן. דער פּאָליסמאַן הערט ניט. ער נעמט זיין פוס. ראָבערט לאָזט אַרויס אַ גרויסן קוויטש, אַז דער צימער ווערט פאַרציטערט. דער פּאָליסמאַן פּרואווט די האַנט. ראָבערט לאָזט ווידער אַרויס אַ קוויטש. ראָבערט גיט אים אַ צייכן, דער פּאָליסמאַן גייט אַריבער אויף דער לינקער זייט. ער לאָזט זיך קייטלען, זאָל מען וויסן, אַז אַ פאַרוואונדעטן הונגער־מאַרשירער האָט מען געקאָוועט אין קייטן.

די קייט שניידט אַביסל. די קייט פאַלט אַראָפּ, ציט דעם גאַנצן קערפּער. ראָבערט ציט מיט אַלע קויכעס אַרויף אויפן בעט די קייט פּאַוואָלינקע, פּאַוואָלינקע. אָ, ווי שווער די האַנט רירט זיך. אָבער עס ווערט לייזער. פון האַנט אַראָפּגעשלעפּט די קייט. אַ שווייס רינט פון שטערן. די קייט איז מיט אַ בראַזג געפאַלן אויפן פלאָר. נאָר דעם פוס קען ער ניט באַפרייען.

אָט איז דאָך געקומען זיין ברודער און זיין שוועגערין און זיין קאַזין. זיי באַוויינען אים, גלייך ווי ער וואָלט שוין געשטאָרבן. ראָבערט דערפילט איצט אין זיך אַזאַ שטאַרקייט. ער זידלט זיי. זיי פאַרשטייען דאָך נאַרניט. און אויב ער וועט שטאַרבן איז וואָס? פאַרן אַרבעטער־קלאַס! נאָר צו וועמען רעדט ער? וואָס פאַרשטייען זיי? ווערט ער בייז און גיט דעם ברודער אין פּאָנעם אַריין: „דיין העברי פאַרד!“

זיין מישפּאָכע גייט אוועק פאַרטרויערט, ווי פון אַ לעווייע.

ראָבערט ווייסט שוין. די קויל ליגט אין דער פערטער ריפּ. ס'איז שווער צו אָפּערירן. ער איז שוואַך. זייער פיל בלוט פאַרלוירן. דאָס ביסל איבערגעבליבן בלוט, וואָס פאָרד האָט ניט אויסגעזויגן אין שאַפּ, האָט ער איצט אויסגעזויגן מיטאַמאָל.

אַ נאַכט און אַ טאָג און אַ נאַכט האָט ער געברענט. פייערן האָבן געבליצט פאַר זיינע אויגן. אַביסל האָט ער שוין געהערט. פיר קעמפער זיינען געפאַלן. אַ גרויסע צאָל פאַרוואונדעט. אין דעם צימער ליגן אויך פאַרוואונדעטע. ער קען מיט זיי נאָך ניט רעדן. ער איז אַזוי שוואַך. די קויכעס גייען אים אויס. דער דאָקטער רעדט צו אים, פרעגט אים, ער ענטפערט עפּעס. אים איז אַלצאיינס. עס טראָגן זיך בילדער, שנעל, שנעל, מען שיסט, מען פאַלט, שלאַכטן, פייער. ער רייסט זיך אַלעמאָל פון בעט, שווער.

אויפן דריטן טאָג איז אים גרינגער געוואָרן. עפּעס ליכטי־קער געוואָרן אין צימער. ער קוקט אויף די בעטלעך. פון דאָרטן קוקן צו אים כאַווערשע אויגן. ער ליגט אינמיטן. פוןביידע זייטן רעדן פאַרוואונדעטע. ער הויבט זיך אַביסעלע אויף. ער פּרוּאווט אַ רעד טאָן. עס גייט. איינעם קען ער גוט. אַ יונגער, פון קאָמלינג. דעם צווייטן קען ער ניט. פריער שמייכלען זיך אַלע איבער און דערנאָך טראָגן זיך איינציקע ווערטער:

„מיר לעבן אַלע דריי!“

„ביסט געווען גוט אין דער ארבעט, ראָבערט!“

„אַזוי!“

און מען גיט איבער, אַז אין שטאָט איז אַן איבערקערעניש. די גאַנצע באַפעלקערונג איז אויפגעבראַכט. דאָס ערשטע מאָל געשאָסן מיט קוילן אויף פרידלעכע הונגער־מאַרשירער. גרויסע מיטינגען איבערן לאַנד. פּראָטעסטן. טויזנטער באַזוכן די גע־פאַלענע פיר העלדן. עס קאָכט. אַ פּאָגראָם אויף ארבעטלאָזע פון הענרי פאָרד.

זיי וואַרפן זיך איבער מיט אַ צייטונג. פול מיט בילדער און באַשרייבונגען. די גאַנצע וועלט וועט אויפטרייסלען. ראָבערט דערפילט עפּעס אַזאַ באַפרידיקונג. ער האָט נעהאָלפן דעם אַר־בעטער־קלאַס. פּלוצים בלייבט ער שטיין מיט זיינע בליקן קעגן יונגן כאַווער: „און וואו ביסטו פאַרוואונדעט?“

דער יונגער ווערט רויט, לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ: „אין פּוס".

„אנו, ווייז" — בעט זיך ראָבערט.

„אָ, ניט אין פּוס!"—און עס שטיקט עפּעס דעם יונגן כאַווער.

„אין געשלעכט?!" — צינדט זיך ראָבערט אָן' און ער לאָזט אַרויס אַזאַ רעווע, אַז דער צימער ציטערט אויף.

די כאַווײרים באַרואיקן אים, ריידן צו אים פון דעם באַדייט פון הונגער־מאַרש.

„דו ווייסט, ראָבערט, לענין האָט אויך געטראָגן אַ קויל פון סוינע אין זיינע ביינער!"

„טאַקע, איך און לענין". ראָבערט און לענין. לענין און ראָבערט. עס טראָגט די קויל דער אַרבעטער־קלאַס. ער וועט באַצאָלן. ער וועט נעמען נעקאָמע, ווען דער טאָג וועט קומען. און דער טאָג וועט קומען! לענין האָט געזאָגט!

גרויע שטונדן אין שפּיטאָל. קיינער טאָר ניט קומען באַזוכן. יעדן באַזוכער אַרעסטירט מען. און בלויז פון יענער זייט וואַנט ברוייזט. קלאַנגען קומען, און עס דאַכט זיך, אַז איבער די גאַסן פון דעטרויט גייען אַרום טויזנטער אַרבעטער און זינגען און רופן. ראָבערט הערט די קויכעס, די קוילעס, אָט פון דאָרטן, פון דאָרטן.

אַלעמאָל כאַפּט ער אַ דרימל און גיט זיך מיטאַמאָל אַ ריס פון שלאָף. אַך, כאַלוימעס, שוידער, שרעק. און מיטאַמאָל קומען אַריין עטלעכע פּאָליסלייט, אַ דאָקטאָר און אַ נוירס. מען שרייבט אויס און מען הייסט זיך אָנטאָן. ראָבערט שמייכלט מיט סאַרקאַזם: „אָנטאָן?" מע העלפט זיך אָנטאָן און מען גייט. אָ, ווי שווער צו גיין. דער קערפּער איז פאַרנייט אינמיטן. נאָר שוואַך פאַרנייט. ער קען זיך נאָך צוריק צעברעכן. אַרויס אין דרויסן. עס האָט אַ זעץ געטאָן מיט ליכט, מיט גאַס, מיט זון, האַ, האַ.

„וואָס?"

מע הייסט זיי נאָר גיין אין וואַגנס, זיי זיינען אַרעסטירט. פאַרוואָס? ניטאָ מיט וועמען זיך אויסצעטײנען, מע מוז גיין. שווער צו זיצן אין וואָגן. מען פירט אין פּאָליס־סטאַנציע. מען פרעגט זיי אויס מיט אַ געבייז, קורצע ענטפערס, פאָטאָגראַפיעס. פינגערצייכנס. נו, פאַרטיק, מען גייט ווידער. ווידער אין פאַ־

ליציי־וואָגן. וואוהין?

לויפט די גרויסע קאַר און שרייט. ראָבערט זעט שטיקלעך גאַסן פון דעטרויט. ער קוקט מיט גרויסע אויגן. אָ, ווען ער קען ארויסשפרינגען פון וואָגן און יעדן גאַס־גייער אָנכאַפּן און א טרייסל טאָן: „וואָס לאָזטו אונדז פייניקן? וואַך אויף!" נאָר שנעל לויפט דער וואָגן. דער פּאָליסמאַן קוקט בייז אויף אים. און ראָבערט פילט, ווי זיין קערפּער ברעכט זיך אויף האַלב. ער קען ניט זיצן. אָ, מען שטייט שוין. דירבאָרן? — די מעלוכע פון הענרי פאָרד. מוירפּי־פּאָליס, פאָרד־פּאָליס, — איינס.

ווידער פאָטאָגראַפיעס, פינגער צייכנס, בייזע פראַגן, קורצע ענטפערס, אָבער מע פירט אוועק אין א קאַמער. ראָבערט ווערט פאַרביטערט. ניין, ער וועט ניט ליגן. ער שרייט מיט אַלע קויכעס: „איך בין אַ קראַנקער!" פון די אַנדערע קאַמערן הערט זיך אויך אזא געשריי. פּאָליסלייט ברייגנען אַלטע צעפּוילטע מאַטראַצן. ווארפן זיי אוועק אויף די הילצערנע בעטלעך און גייען ארויס. אויסגעקעמפט. דאַרף מען ווידער קעמפן. ער קלאַפּט אין די ווענט: „העי, ווער זיצט דאָרטן פאַרשפּאַרט?" און איבער די קאַמערן צעלאָזט זיך אַ הויך געשריי, אַ זידלעריי, הו־האַ. די גאַנצע טורמע הויבט זיך. די פּאָליציי איז בייז. זיי שרייען מיט צאָרן, דראָען מיט קולאַקעס. וועלן מיר זינגען, יאָ, זינגען מוזן מיר!

„שטייט אויף איר אַלע..."

און ראָבערט זעט ווי איבער די גאַסן פון דעטרויט, פון לאַנד און גאַנצער וועלט גייט דער פּראָלעטאַריאַט מיט רויטע פאָנען, זינגט מיט אַלע קויכעס העכער, העכער.

מען עפנט די טירלעך און מען הייסט גיין. ווידער וועט מען פירן. איצטער עפּשער קיין וואַשינגטאָן אין הואווערס טורמע. ניין, ער וועט ניט גיין: „גו, גיי, פריי!" ראָבערט דערהערט ניט, שטעלט נאָכאַמאָל אָן די אויערן: „פריי!" ער גייט. עס גייען אויך די צוויי כאַוויירים. ראָבערט קוקט זייער בייז אויפן פּאָליסמאַן, שאָקלט מיט'ן קאָפּ: „שקלאַף!" דער פּאָליסמאַן נעמט ארויס קליין געלט: „איר האָט קאַרפעיר, באָיעס?" ראָ־בערט ווערט נאָך בייזער: „און ווען ניט, וועלן מיר אויך בא דיר ניט נעמען!"

ער שטייט אַ מינוט און טראַכט. מען האָט אים דערציילט, אַז איין שקלאַף־פּאָליסמאַן, נאָך אַ יונגער, איז אַהיים געקומען מאַנטיק, נאָכן בלוטיקן שלאַכט אַרום פאָרד פאַבריק, אַוועקגע־וואָרפן זיינע קליידער און זיך צעוויינט.

פּאַוואָליע גייען זיי אַלע דריי אַרויס אין דרויסן. אַ ווינטל האָט זיך אַ שפּיל געטאָן מיט זיי. די דריי פאַרוואונדעטע האָבן אויסגעקוקט, ווי אַרויסגעקומענע מייסים פון זייערע קווערים. אַזעלכע נאַרישע — ליגן איז שוין בעסער. ראָבערט איז געגאַנ־גען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, דער גאַנצער קערפּער אויסגע־בויגן, איין האַנט איז בא אים איינגאַנצן אַ טויטע, מיט דער צוויי־טער האַלט ער זיך אונטער דאָס האַרץ. דער יונגער כאַווער גייט מיט צעשפּרייטע פיס, ווי אַ צעריסענער, פאַרנעמט זיך ברייטע שטיקער טראָטואַר, און דער דריטער גייט אויף קוליעס. יענעם איז גרינגער, פיר פיס. זיי זיינען אריבער אויפן צווייטן טראָטואַר. ווי ברייט די גאַס האָט אויסגעזען אין זייערע אויגן, אין זייער טראָט, אַ יאַם אַריבערצושווימען.

לעבן דראָג־סטאָר האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט, אָפּגעווישט די שטערנס, האָט ראָבערט געראָטן טעלעפאָנירן דער איי. על. די. אַלע דריי זיינען אַריין. דער דראָגיסט האָט זיך דערשראָקן פאַר די דריי אַריינקומער. ער האָט אויסגעשטעלט אויף זיי אַ פּאָר גלעזערנע אויגן: „ווער זיינט איר?" ראָבערט האָט שטיל גע־ענטפערט „מיר זיינען דריי פאַרוואונדעטע אין פאָרד־פּאָגראָם אויף אַרבעטלאָזע, מיר ווילן טעלעפאָנירן". און ווען זיי זיינען צו צום טעלעפאָן־שטיבל, האָט זיי אָנגעכאַפּט אַ שרעק. אַלע דריי פאַרוואָקסן, צעקנייטשט, פאַרבלוטיקט, ווי מענטשן וואָס האָבן זיך אויסגעוואַלגערט צווישן מיסטן פון מילכאָמע־פעלדער.

די כאַווירים פון דער איי. על. די. פאַרשרייבן. ראָבערט דערציילט, דערציילט, שנעל. ער וועט סיי־ווי אַלץ נים קענען איבערגעבן, און מיטאמאָל בלייבט ער שטיין. און וואו זיינען די געפאַלענע כאַווירים? ער וויל זיי זען. ער הייבט זיך אויף, נאָר דער כאַווער פון דער איי. על. די. זעצט אים אַוועק און דער־ציילט אים, אַז היינט, שאַבעס, האָט מען זיי אַוועקגעפירט. הונדערט טויזנט אַרבעטער האָבן זיי באַגלייט. די גאַנצע שטאָט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן, און מען האָט זיי אַוועקגעלייגט פּונקט

אנטקעגן דער פאבריק פון הענרי פארד. טויזנטער ארבעטער האבן זיך אנגעשלאסן אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג. מי־טינגען און דעמאנסטראציעס קומען פאר איבער דער גאנצער וועלט, און ראבערט האלט אפן דאס מויל. זיסע ווערטער. ווי גוט עס ווערט אים אויפן הארצן. ער, ראבערט, האט דאך אויך א טייל אין דעם.

— אט איז דאך מאקס! — ראבערט האט ארויסגעלאזט א געשריי. זיי האבן זיך צעקושט. מאקס האט אים אוועקגעפירט. פארנדיק אין אטאמאביל האט ראבערט דערציילט זיין ערשטן כאוועס פון זיינע איבערלעבענישן: „די קויל ליגט אט דא!" האט ראבערט אנגענומען מאקסעס האנט און זי צוגעלייגט צו זיין רעכטער פלייצע.

א גאנצע נאכט איז ראבערט געלעגן און דערציילט. כאווירים זיינען געזעסן און זיך איינגעהערט מיט איינגעהאלטענעם אטעם.

ווען ער האט זיך אויפגעכאפט איז אין הויז געווען שטיל. ער האט זיך פאוואלינקע אראפגערוקט פון בעט, א טייער ווייך בעט. ער האט זיך ארומגעוואשן, אנגעטאן ווי א מענטש, א ביסל שפאצירט איבער די צימערן, זיך צוריק אוועקגעלייגט און גע־לייענט די צייטונגען פון דער גאנצער וואך.

מאקס' פרוי איז אריינגעקומען פון גאס, אים דערלאנגט עסן, געשמייכלט צו אים. שפעטער איז ער אביסעלע ארוים אין גאס. די זון האט אזוי העל געשיינט. ראבערט האט שוין לאנג אזא זון ניט געזען. צופיל קען ער ניט ארומגיין. ער איז צוריק אריין, זיך אוועקגעלייגט. אוי וויל ער רוען, רוען.

אויפן צווייטן אוונט האט מען אים אוועקגעפירט אין קלוב. אויף דער וואנט הענגט א פלאקאט: „מוטיק אין קאמף, בראווער כאווער ראבערט!" ראבערט האט עס עטלעכע מאל איבערגע־לייענט. די כאווירים זיינען זיך צענויפגעקומען. כאווער ליא, דער סופליאר, עפנט דעם אוונט מיט'ן „אינטערנאציאנאל". ער רעדט וועגן ראבערטן. ער רעדט וועגן די געשעענישן, מען לויבט אים. כאווירים ריידן. זע, עפעס גייע רייד. וואס? — העכער א האלב פון דער דראמססטודיא איז אריין אין דער פארטיי! העכער טויזנט אריין אין דער קאמלינג און אין דער קאמפארטיי! ראבערט וואקסט פון גרוים פרייד.

„ראָבערט, כאַוועד ראָבערט!"

איז וואָס זאָל ער זאָגן? — אים איז אַזוי גוט! וואָס נאָך האָט ער דען געוואָלט? און וואָס איז, אַז מען דאַרף דאָס לעבן אַוועקגעבן?

„כאַווײרים, אין קאַמף פאַר אַ סאָוועטישער אַמעריקע!"

אַ פּולע הויז האָט זיך שוין פאַרזאַמלט. יונגע און עלטערע. מ'זינגט, מ'הוליעט. ראָבערט שמייכלט. אוי, ווען ער קען איצט אַ טאַנץ טאָן. שוואַך, כאַווײרים פירן אים אַהיים. ליגט ער און טראַכט ווי גרויס עס איז די קאָמפּאַרטיי און אירע פירער. אַ נייע וועלט ווערט געבוירן.

אָט זיצט ער בײַ דעם פּראָלעטאַרישן מישפּעט. די פיר קעפּ פון די געפאַלענע, אויסגעפּאָרמטע פון גיפּס, ליגן אויפן רויטן טיש. פינף טויזנט אַרבעטער וועלן מישפּעטן די מערדער. איצט וועלן מיר נאָר מישפּעטן און שפּעטער — דער שפּעטער וועט באַלד קומען, וועלן מיר דורכפירן דעם אַקט. ריידן איידעס. דערציילן אַרבעטער פון נויט, הונגער, מילכאָמע, טויט — און העגרי פּאָרד און זײַן רעגירונג באַשולדיקן די אַרבעטער.

ראָבערט זיצט אויפן איידעס־שטול. ער ענטפערט און דערציילט פון דעם מאַנטיק אינדערפרי, דעם 7טן מערץ, ביזן מישפּעט. און עס קוקט אויף אים אַ וועלט מיט אויגן. יענעם זונטיק, ווען ער איז אַרויף אויף דער בינע מיט די פּאַרד־דעלעגאַטן, איז ער גרויס געווען, און געפילט האָט ער ווי צו פליען העכער פון אַלע. און דאָ זיצט ער רואיק. זע וויפל אַרבעטער. עס הייגגען וועלדער פון דער סטעליע ביז צו אים, אַ גרויסע שיף, אַוועקגעשטעלט קיי־לעכדיק, פון זײַנע פּיס אַרויף, אַרויף, אַראָפּ, אַראָפּ. די גאַנצע וועלט אַרום אים. ווי גוט אים איז, ווי שטאַרק. מען גרייט זיך!

„העגרי פּאָרד איז שולדיק!"

ברויזט עס אין דעם גרויסן מענטשן־יאַם. אָ, זיי וועלן זיך אָפּרעכענען. פיר לעבנס. צענדליקער פאַרוואונדעטע. פאַר יעדן טראָפּן בלוט וועט מען באַצאָלן!

און ראָבערט האָט אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז אַ קויל ליגט אין זײַן פערטער ריפּ. ראָבערט טראַכט ניט צי וועט ער קענען אַר־בעטן אַמאָל — אַוואַדע דאַרף ער לעבן!

דער קלוב איז געפּאַקט. היינט שפּילט די דראַמסטודיאָ דעם

איינאַקטער „דער הונגעריקער“. ראָבערט שפּילט די ראָל פֿון הונגעריקן. ניטאָ קיין פּלאַץ. אַלע ווילן זען ראָבערטן אין זיין ערשטער ראָל.

ווען דער פּאָרזיצער דערקלערט דאָס, וואָס אַלע ווייסן שוין, אַז ראָבערט איז געקומען דורך דער דראַמסטודיאָ צום אַרבעטער־קאַמף, ווערט אַ שטורם אין זאַל. אַ קליינער זאַל, עטלעכע הונדערט מענטשן, און אַזאַ שטורם הויבן זיי אויף, ווי פֿון טויזנטער. עס ווערט שטיל. פֿינצטער. פֿאָרהאַנג עפֿנט זיך, ציטערן הערצער. אַ שפּיל פֿון נויט. ראָבערטס אריינגאַנג.

„אַ מענש, אַ מענטש איז ה ו נ ג ע ר י ק !“

ראָבערט שלינגט די קאַווע און דאָס שטיקל ברויט, ווי אַ מענטש, וואָס האָט שוין לאַנג ניט געזען קיין ביסן. ראָבערט איז בלאַס, איינגעבויגן. זיין קערפּער איז צענויפֿגעגייט פֿון צוויי האַלבע. ער איז ווילד, גרויסע אויגן אויסגעשטעלט. אַ נייַ פֿייער ברענט אין זיי. אַ פֿייער פֿון קאַמף, ליפּן ווערן צעביסן. אַ ווילדער רעווע: „ו ו ע ל ט ! אַ מ ע נ ט ש א י ז ה ו נ ג ע ר י ק!“